# זכרונות

## פֿין מיין אלטער היים



זכרונות
פֿין מיין אלטער היים





# זכרונות

## פין מיין אלטער היים

זכרונות

פין מיין אלטער היים



# זכרונות
# פין מיין אלטער היים

מאת:
מרים גורדון, לבית רוזנברג
ווישאו - בני ברק - ירושלים

שנת תשנ״ב

# זכרונות פין אינזער אלטער היים

## הקדמה

איך שרייב יידיש ווייל דאס איז געווען דער לשון פין דער היים (מאמע לשון) איך האב אונגעהויבן שרייבן, בעפאהר איך בין געקימען קיין ארץ ישראל אין האב דאס נישט מעהר געוואלט איבערזעצן אוף עברית... עס געלאסט ביים מקור, אין באמת אין יידיש האט דאס גאנץ א אנדערן טעם...

מיין שרייבן איז נישט פאעטיש, עס איז איינפאך היימיש פשוטדיק.

ווען איך בין געווען א קליין מיידעלע, פלעיג איך תמיד זוגן: ווען איך וועל זיין גרויס, וועל איך זיין א מארשעליק. בין תמיד נאך-געלאפין אוף דיא חתונות וויא משה וולף דער מארשעלעק מיטן פעיאקער פלעיג גראמען. איך פלעיג שטיין פערקישעפט אין צו-הערן ווען ער פלעיג דיא כלה בעזינגען אין גראמען אוף אללע חתונות. אין דיא שווערע ביטערע טעיג פין מיינע קינדער יוהרן, ווען דער טאטע ע״ה איז געווען א ״מונקא סולגולוטוש״ אין דיא מאמע מיט דיא קינדער, אין איך דיא גרויסע טאכטער

געהאלפין צו דער פרנסה, אין בשתיקה אונגעהויבן שרייבן

צעטעלעך צעטעלעך, פאפירעלעך פאפירעלעך, דעווישעוועס מיין

שטעטעלע מיין אמוליג שיין היימעלע קיין שענערס אין בעסערס

נישט געוועז אין נישט געזעהן..

מיר דערמאנען זיך אין נשכחות,

ישועות אין ברכות.

אינזערע טייערע יידן פין דער אמוליגער היים, דיא הינגעריקע יידן

וואס זענען געגאנגען אוף דיא טיהרן, געשטרעקט נעביך זייערע

הענט, פערשעימטע יידן, אבער גע-לאסט לערנען זייערע קינדער אין

חדרים אין ישיבות זיי געגעבן א יידישן חנוך. דיא יידן וואס האבן

מיט שוייס געאקערט אין געזייעט נישט מיט מאדערנע כלים וויא

היינט, געקיקט מיט הנאה דערעכין פענסטריל וויא עס זענען

אופגעגאנגען דיא שיינע געזייעטע פעלדער מיט מעליי אין אלערליי

גרינצייגן, דיא סעידער מיט עפל בארן דריסליעס, אין גיטע

פלאמען אוף פאווערל.

האניג אין דיא וועלדער

שוף אין דיא פעלדער

אוסגעמיצשעטע, אוסגעהארעוועטע יידן פין א גאנצער וואך, שבת

אונגעטוהן דעם קאפטן שטראמל דיא שבת בגדים אין נישט

פערגעסין זייערע בעלי חיים, געגאנגען אונפויען דיא פערד, אין

מאכין א טרינק דער קי. נאך-מיטוג געלאפין אין שיהל פרק לערנען תהילים זוגן, דאס האבן געהייסן אמתע צדיקים תורה עבודיניקעס.

גלייבט מיר, מיר קענען נישט אופשאצין זייער גרויסקייט, זייער הויעכן מאראל זייער גירשטן קולטור באגאזש פין דור דורות...

אופגעוואקסין שיינע יידישע דורות

ווייל דארט איז געווען אינזער שטאם אינזער שורש

גאסין מיט געסעלעך וואס ליגט יעדן גיט אין זינען,

דארט האבן קינדער געשפילט אין פרייד געפינען

ביי 3 יוהר האבין יינגעלעך געלערינט אי בי ביי 4 יוהר עיברה, ביי 5 יוהר חומש, רשי ביי 13 יוהר א בחור פין בר מצוה, גמרא תוספות, אוועק אין דער ישיבה. ביי 18 יוהר חתונה געהאט א בחור א אתרוג מיט אללע מעלות. אראוס פין דער ישיבה ברכוש גדול. בחורים זענען געווארין יונגע לאט, פין מיידעלעך זענען געווארן וואבעלעך, פין וואבעלעך מאמעלעך, פין מאמעלעך, באבעלעך, שנירן, איידעמעס, אייניקלעך אין איהר-אייניקלעך. מען איז געווען שטארק גבירש אפילו מען האט געגעסין זיממער בארשט מיט ריבלעך, אין ווינטער קראוט מיט בונדלעך.

קיינער האט זיך נישט געקענט בעקלוגין

אז מען האט זיך פערדארבן דעם מוגן

זוגן קינדערלעך פון וואס זענען אייערע בעקעלעך אזוי שיין אין רויט?

פון קארש אין מעלייען ברויט!

אין וואס א ברכה מאכט מען איבער ברויט?

א גאנצע וואך א שהכל, אין שבת א מוצא!

אזוי האט מען געלעיבט גיטע לאנגע יוהרן, אין מען איז געשטארבן מיט אללע ציין אין מאול

וואבער זענען נישט געווען קיין מאדאמען, אין מענער נישט קיין הערן

קיצשערס זענען געווען בעלי-עגלות, אין נישט קיין שאפערן

א בעל תפילה נישט קיין קאנטור, א מלמד נישט קיין פראפעסאר

שטאלצע יידן האבן מיר געהאט, מיט געהויבענע קעפ

אפילו ווען זיי האבן נעביך בעקימען שלעק,

פון דיא גויים!

גבירעשע יידן מיט הארטע פאוסטין, צו פערטיידיגן זייער יידישן כבוד!

עס וואלט נישט ריכטיג געווען צו זוגן אז מאראמארעש האט קיין רייכע יידן נישט געהאט אמת א קליינע פראצענט: האלץ סוחרים, פאבריקאנטען, ווארן-האזער, אוך אביסל אקאדעמיקער

א בליענדע יוגענד!

פרייטיג דיא קינדער קימען פין חדר,

שטייען שוין צו-געגרייט דיא שבת קליידער

מיקוה, שוויץ, מען לויפט מען קויפט, לכבוד שבת!

פעריקן דעם צשולענט, פערשמירן דאס ברעיטל, (איהר ווייסט מיט וואס)!

פלאם פלעצלעך, קארש, אין געגאלערעטע בונדלעך, פראטעגדיקע מאכלים...

אין די מאמע, דיא הייליגע קרוין, מיט בענקשאפט געווארט,

אוף דער שבת נאכט!!!

נאכין דאווענען א קלאפ געטוהן אין שטענדער, פערבעטן אוף א שלום זכר,

עס איז געבוירן א בחור,

פערגרעסערט דער ישוב...

פראטיג נאכט, האט זיך אללעס אופגעשטעלט,

באלט איז שבת קינדערלעך אוף דער גאנצער וועלט,

צוגרייטן אללעס וויא שענער אין בעסער,

וועט זיין אינזער מצוה חושיבר אין גרעסער,

תנאים אין אמרים------מה טוב ומה נעים

שבת אחים גם יחד

אין אויב איהר וועט האבן א זכיה

וועט איהר בעקימען א עליה, מזמור שיר ליום השבת!!!

נור דיך מאמיקא אליין

האב איך געזעהן אין געווין, (מיין מאמע ביי דיא שבת ליכט)

איך מיין איך זעה זיא פאר מיינע אויגן

צו אינץ קינדער צו-געבויגן (גיט שבת)

שבת אינטער יעדן דאך

מעברן דיא סדרה גמרא אין תנך

פין אללע בתי-מדרשים איין תפילה,

פין אינזער שיינער אמוליגער קהילה,

(שבת אין מיין אלטער היים)

דינים שיר השירים

דערמאנט אייך פסח פורים

שיינע ימים טובים

אללעס אוועק געפלויגן

שורות קינדערלעך שורות, אונגעכאפט ביים טאטעס האנט,

אין יעדער שפאנט (אין קלאוס, אין שיהל, אין בית המדרש

שבת הייליגער שבת, מיר ווארטן דיך אללע

לכו דודי לקראת כלה....

האסט נישט געדארפט זיין רייך וויא קורח,

אבער יעדער האט אהיים געברינגט אוף שבת א אורח,

דיא גיטע מאכלים האבן יעדין בעגלייט,

אין יעדן ווינקעלע שמחה אין פרייד, (יום השישי ויכילו השמים...)

שבת ביי טוג איז געווען דער פערהער פין דיא קינדער,

"ואני" אין איך יעקב בין דיך מטריח מיט מיין קבירה,...

חאטש מיט דיין מיטטער רחל האב איך נישט אזוי געטוהן...

וויזוי דען!...

דעם "ואני" וועל איך קיינמוהל נישט פערגעסין, ביי פרשת ויחי,

זעה איך תמיד דאס בילד פאר מיינע אויגן, דער טאטע ע"ה העלפט

צו דיא קינדער מיט א געשמאק קול, דאס זענען געווען דיא חומש

קינדער, אין דערנאך דיא גמרא קינדער: שנים שאוחזין בטלית,

והביצה שנולדה בשבת, האבן מיר מיידלעך שוין אוך געקענט.

שלופינדיק אין ריק-בעטל אין ציהערינדיג דעם פערהער, אין דיא

"צאינה וראינה" פין דיא וואבער

עס איז נישט דו היינט קיין שראבער

(זאלל דאס קענען בעשראבן)

הייליגער שבת,... איך גיב דיר אללעס... לויף נישט אוועק!!!

וויל באלט קימט זער יאך,...

פין דער כרישער וואך...

ג-טט פין אברהם פין יצחק אין פין יעקב...

נביא נביא קים אראן, אללעס גיטס צו אינץ אראן, אללעס בייז

פין אינץ ארואס

אללעס גיטס אין אינזער האוט

נעם דעם בעכער אין דער רעכטער האנט,

מאך א ברכה איבערן גאנצן לאנד,... המבדיל בין קודש לחול...

עס זאלל אינץ זיין גיט אין וואיל!!!

אזוי פערלויפין יוהרן

קינדער ווערן געבורן

איהר מיינט מיר איז שוועהר? ניין! מיר ווערט תמיד גרינגער

ווייל מזל ברינגען קינדער

יעדער בעזינדער, (איז פאר זיך א אוצר)

דער שבת איז אוועק, אין געקימען זענען דיא וואכעדיקע טעיג...

עס קימט דער פרי-מארגן,

הויבן אוהן דיא זארגן...

אין באלט ליידער דארף מען גיין בארגן...

הלואי זאלל קימען דער ווינטער

מיט פרנסה א געזינטער,

אין אז ג-טט האט זיממער געגעבן זעיגן,

אין עס איז געקימען צייטליך דער רעיגן

האט מען געפאקט פיעלע וועגן,

מיט לוצערנע אין טריפוי

פאר בהמות קופעצים שטרוי

פערדינט כשר דאס געלט

רבון של עולם עס איז געוועןא א וועלט

אין דראוסן היט מיין פערמעיגן דער גיט געטרייער הינט,

אין שטיב זיצט מיין וואבל אין האדוועט מיין קינד

אין איך בין גליקלעך איבער גליקלעך, צופרידן אין געזינט

איך בין היינט א פרייער

אללעס ליגט אין שייער

ווערט תבואה טייער (ליגט דאס געלט ביי מיר)

דאס איינגעזאטנס געמאכט, פערקלאפט פערפאקט

פארן שונא דעם ווינטער!

דאס האלץ אין שאפרא אונגעגרייט

ווארעמע בגדים ציגעגרייט

אזוי האט אוסגעזעהן א אסיען אין אינזער מאראמארעשער

אלטער היים.

קלאקעס פין פעידערן, אין מעליי

הארביזיז קערלעך אלערליי

יעדע זאך איז געווען א חשיבות, פין יעדער זאך האט מען געמאכט

א תכלית,

מען מאכט קלאקעס פין פאוועדל.

פאוועדל איז געווען א מאכיל צוא פערשידענע צוועקן, מען שמירט

רעיפטלעך ברויט אין חדר פאר קינדער, אין שוהל פאר דיא

מיידלעך, מען פיעלט המן-טאשין, קרעפליך מען קוויקט זיך אזוי

וויא מיט אנדערע איינגעזאטינס (מען זאלל עס נישט בעדארפין)

מען זיצט אין דער רייע, אוף נידעריקע בענקעלעך מיט פיעלע

פאדעלעקס מיט פלאמען

2 לייגט מען אין מאול, אין איינע אין דער שיסעל

אין מיר איז תמיד איבער געבליבען אביסל...

האב איך ווייטער געמיסט לויפין

פלאמען קויפין

ווייל איך בין מיט האלב סחורה געבליבן,

חלעיבן! איך זאג נישט קיין ליגען!

מען שיט אוס א מילטער מיט פלאמען, אין דיא וואבער פיצין.

אינזער שכנתא חייי דערציילט פין איהר מאן רפואל

וואס וויל פוהרן קיין ארץ ישראל,

חילה, דיא וויסט מען זאלל אינץ פערטראבן?

נאך וואס אין גלות בלאבן?

זוגט איהר מאן רפואל

דער איינציגער וועג,

פאר שיינע יוהרן אין גליקלעכע טעיג

זוגט רפואל איהר מאן.

בראנע זוגט: איך האב א פשוט שטיבעלע פין האלץ אין ליים

אבער דא איז מיין ווארעמע היים

ביז משיח וועט קימען,

וועט איהר מיך דא געפינען. אין דעווישעוועס!

יעדע ידענע דערציילט א אנדערע מעשה...

פליצים איז געווארן שא שטיהל

דער קעסיל איז שוין מיט פלאמען פיהל

דאס פייער ברענט, דער מישער מישט מיט דער לאפעטע

אהער א-הין

די קינדערלעך שטעקן אריין זייערע לאפעטקעלעך,

לעקן, לעקן, א מחיי, געמישט, געמישט,

איך העט אויסגעקישט

יענע צייטן!!!

פאווידל אסען (סתיו) (הערבסט) אין מיין אלטער היים!

ווען וועקסט מיך אוף אין מיטן דער נאכט,

העט איך אסאך נישט געטראכט,

אין א קלאקע געמאכט פין "פ א וו ע ד ל"

אין באלט האבן די ווינטען אין שנייען אונגעהויבן צו בלוזין אין פאלין

דער ווינטער איז דו!!!

אזוי געדינק איך אינזער אלטע היים!!!

## מיין אלטע היים

**זכרונות**

א וואלד א געדעכץ מיט פיכטען ביימער

האופינס סטאנקעס, האופינס שטיינער

דערצווישין א וואסער קלוהר אין ריין

דארט איז געווען מיין שטיבעלע, דארט איז געווען מיין היים

אריין אין וועלדעלע דארט נישט ווייט

הערסט דיא טוג אין נאכט וויא עס שרייט

א "זעיג" רעידער פין א פאבריק

שניידן ברעיטעלעך שטיק, אוף שטיק

דער גאטער שרייעט מאכט א גרידער

גיץ מיר, ברינגץ מיר קלעצער ווידער

מאכט ער, האקט ער, שנאט דאס זעיגל,

האלץ אוף פייער, האלץ אוף מעיבל

פייגל שפילן זינגען זמירות

צשארעס פליען שורות שורות

העינער קרייען

גענץ גאנען שרייען

בהמות מעריקען קימען דערמאנען

איז שוין דאס גאנצע יקום אופגעשטאנען?

א בלאוער הימעל מיט פרישע גיטע ליפט, השי"ת ווערק דאס

האט ער געמאכט

עס קימט פרי אין עס ווערט נאכט (אין נאוועץ)

ווערן עס האט נור אין נאוועץ פערקערט,

האט פין מיין באבע יהודית געהערט

אויב איהר קענט מיר היינט נאך וואזין א יידענע מיט אזויפיהל

גיטע מעלות

קענען חומש, רשי, אין אוך פאסקענען שאלות

צוהל איך קנס!

אוך ווען דיא האסט נישט געהאט דעם לעי אין טאש,

האסט געקענט כאפין ביי מיין באבע יהודית א נאש

אין אוועק גיין זאט!

אוי האט מען זיך געקוויקט גיט

מיט דעם ביסעלע בערקיט...

וויפיל חכמה עס קען ליגן אין א יידענע איז זיא בזעסין

וואס זיא האט געקענט האט זיא קיינמוהל נישט פערגעסין

(מיין באבע)

איהרע איינעקלעך האבן קיין מלמדים נישט געדארפט, אללעס

האסט דיא זיא געקענט פרעגן

אוף אליעם האט זיא דיר א תשובה געגעבן

(מיין באבע)

אביסעל פון איהרע גיטע מעלות האט אוך מיין מאמע איבערנעמען

אין שפעטער האב איך ביי איר דעם אוצר געפינען

(ביי מיין הייליגער מאמע)

אט דו אין נאוועץ, ביי דיא פעלדער מיט דעם בלאסן טאו

איז מיין מאמע געווארן פראו, "רויזנבערג"

אין נאוועץ איז אזא עקסטערע מלוכה, א אייגן מקוהלה,

א בית-המדרש אין א אלקער

א מנין פין 10 יידן קענסט דיא תמיד געפינען

דאס האט מיין באבע גיט אין זינען,

שבת למשל ווען דיא מסחרים ריהען,

טיהען זיך אהער דיא שנארערס בעמיהען,

משה לייזער, קוצעלע, שמואל דער קראפ,

דו געפינען זיי תמיד דעם פילען טאפ,

(זיי קימען געהרן)

איהר געדינקט דיא באקארלעך וואס זענען אופין וואסער

געשווימען?

ווען יידעלעך פלעיגן מיט זיי אין שטוט קימען?

ווען א ייד האט אללעס אונגענימען באהבה מיט ליעב

זוגן אין דעמולץ נישט געוועו שיין אין גיט?

דו האבן דיא שוף געפאסעט אין פעלד

דיא זיהן האט מיט שטראלין געלאכט אין געקוועלט

דו האט מיין זיידע בנימין זיינע קינדער ערצויגן

ביז אללע זענען זיי פין זיין נעיסט אוועק געפלויגן,

געבאועט אליין

זייער אייגענע היים!!!

שיין געזינט אין פיעל מיט לעיבן

פאר אינזער צוקומפט האט זיא געטוהן שטרעיבן,

(ביז אין לעצטין מיניט)

ווילסט דיא חומש, ווילסט דיא רשי

ווילסט א תשובה אוף א קשה

ווילסט א שראבער ווילסט א העלד

ביז צו ארבייט פינעם פעלד

קען נור מיין מאמע!

3 זיהן אין 4 טעכטער,

זוגט מיין טאטע איז קיין געלעכטער

מיר מיזן זעהן פאר זיי צו זארגן

פערזיכערן זיי א שיינעם מארגן

הערסט מיין קינד דיא רעידער קריצן, שרייען, גייען

דיא פעלדער טיט מען שנאדן זייען

איך דאנק פאר השי״ת וואס האט אינץ פרנסה געגעבן

אז א ייד קען אין גלות עגזיסטיהרן, אז א ייד קען לעיבן

פשוט א נס מין השמים!

פערקויפט נור אייביג פאר דיא געשעפטן

געדענקט ער קיינמוהל נישט דעם נעכטן (מיין הייליגער טאטע)

געשעפטן געשעפטין, קלעצער פין דיא וועלדער,
תבואות פין דיא פעלדער,
ארבייט מאכט זיס דאס לעיבן
פאר אייך קינדערלעך וועל איך שטרעיבן
אייביג!!

## יוהרן שפעיטער

וואס מיר ציהען זיך אין שטוט איז אייך א ווינדער?
וואס טיט מען נישט וועגן דער צוקומפט פין קינדער?
מען דארף א חדר מען דארף א שוהל
מען וויל א רבי, מען דארף א קהל
איך טיה מיר מיינע פליכטין, אין לאז נישט מיינע רעכטין
ער וועט געבן אוך היינט דער וואס האט געגעבן נעכטין
(נישט געזארגט)
אט אזוי גערענק איך דאס אמוליגע היימעלע מיט דעם קלורין
טאך
וויא דיא מאמע איז געזעסין בשתיקה אין געלערינט תנך
איז דער טאטע אריין געקימען,
אין דיא מאמע מיטן ספר געפינען,
עס איז קיין צייט יעצט צו שטודירן,
מיר דארפין זיך זאופארט איבער-פיהרן (אין שטוט)

קיינער טיט קיין שאלות פרעיגן

לודן פאקן טיט מען וועגן

גענץ הינער, פערד, אין קי

קיינעם לאסט מען נישט צו ריה

אללעס קימט אין שטוט אראן

יעדער וויל געבילדיט זיין (מען פוהרט)

דו אין שטוט זעה איך פיר מיר א נייע וועלט

יעדער לויפט פערסאמט נאך געלט,

נייע געסעלעך, א נייע היים

איך שפיהל מיך שוין נישט מעהר אליין

מיט אסאך קינדערלעך אוף אמוהל,

לויף איך שנעל אין שוהל;

יעדער ווייסט דאם איך בין דאס מיידעלע פינעם וואלד

מיידעלע הער נור הער,

האסט נישט געכאפט אמוהל אין וואלד א לייב אבער א בער?

דיא קינדער סוידן זיך, מען רעט, אין מען רעט

כדאי צו מאכין פין מיר א געשפעט

אין דער מיניט האב איך בעשלאסין א זאך:

לערנען לערנען מיז איך א סאך

זיי וואזן וואס א וואלדס-מיידל קען...

אין טראץ דעם איז מיר קיינמוהל נישט געלינגען

דיא ערשטע אין שוהל מיך אראוף צו ברינגען...

אבער דיא דריטע, פערדע, תמיד געווען

זאלל ערגער נישט געשעהן (פלעיג דער טאטע זוגין)

מיט דער טאשקע אוף דעם ריקען לויפין 7 יוהר,

דיא שיינע צייט דיא שיינע יוהרן זעה איך פאר מיר קלוהר

פאנטאזיעס, חלומות, מען קלערט טוג אין נאכט

אייביג פערטראכט

אפשר וועט מען עפיס ערייכין!

וויא א פעסל דיק נישט קליין

זוגט מיין מאמע איך בין נישט שיין

וויסן זאלסט מיין קינד א זאך

לערנען לערנען מיסט דיא אסאך

ווייל מיט דיין שיינקייט מיין טייער קינד וועסט גורנישט ערייכין...

איך קיק אין שפיגל אין זעה סיז (עס איז) ריכטיג

וויל איך מיך אבער מאכין וויכטיג

מאמע זיסע איך בין נאך קליין

דאס איז דיא סיבה דאס איך בין נישט שיין

איך וועל וואקסין, וואקסין גרויס

וועסט האבן א טאכטער וויא א רויז (נישט געזארגט)

דארט אין נעמעש געסעלע, פין איבעראהל מיט יידליך ארים

גענימען

דו האבין מיינע עלטערין זייער מנוחה געפינען

דו נישט ווייט איז אללעס קאנצענטרירט

שיהלן, מילען, געשעפטין ווערן געפיהרט

אללעס פין אינץ יידעלעך!

דו שפילען קינדער ראשין,

פראוען טיהען וועש וואשין

דו לויפין יינגעלעך קליינע מיט פייקעלעך געדרייטע

מיט פיסקעלעך צישפרייטע

קומץ א א

רבי מיר זענען דו

זימער מיט בורוועסע פיס

אין חדר לערנען ציקער זיסס

קריכין קינדערלאך אוף קארשיןביימער,

ראסין עפיל ווארפין שטיינער

לאנגע לאטין אין שפיץ א נוגל

זיממער ווינטער רעגן האגל

שלעפין קינדערלאך בגניבה עפיל בארין

קימען אהיים אין ווילן פערנארין

הוי מאמע הוי

א מתנה פין א גוי!

דער קינדער בליק, זייער נאיווער קינדער גלויבן,

ריינע נשמות שיינע טויבן,

מיידעלעך מיט צעפעלעך,

מיט גאלדענע קעפעלעך

דורות שיינע געשפינען

פרייד אין גליק געפינען

4 א זייגער אין דער פרי

האט מיין טאטע שוין קיין ריה

אין בית המדרש, מיטן טלית אוף זיין ריקען

צו השי״ת טיט ער זיך ביקן

ליעבער ג-טט דיא זאלסט אינץ געבן

מזל ברכה אין א לאנג לעיבן

קינדער שיינע פיינע גיטע

דאס איז מיין בקשה, דאס איז מיין ביטע

צו דיר הייליגער שעפפער

תמיד פרייליך מיט געזאנגען,

איז ער דעס לעיבן אקעגן געגאנגען

נור חכמה אין געלעכטיר האט אים אייביג ארים גענימען

ער האט דאס לעיבן פאר זייער שיין געפינען

און ווען שווערע צייטן האבן אים צרות געמאכט

האט ער געלאכט...

וואס השי"ת וועט עפיס לאזן אינטער-גיין זיין וועלט

ווייגן אביסעלע געלט?

אין אזוי האט ער אללעס דערעך געפיהרט

חלילה קיינעם נישט בעריהרט (באמת נישט)

וויפל אורעמקייט האבן מאראמארעשער יידעלעך דערעך געלעיבט,

אין אללעס אונגענימען מיט ליעב

אפילו ווען דאס שטיקעלע ברויט איז נישט געווען אין שטיב

(פאר זייערע קינדער)

געלאפין גאנץ פרי אין חדר, געבריזיט אין דיא טיפע שנייען

האסט דיא געהערט עימיצין רעקלאמירן, פראטעסטירען, שרייען?

געלערינט ביים לעמפעלע מיטן נעפט ביז אין דער פערזינקעדיקער

נאכט

אפשר טיט מען זיי איבער-שטרינגען, וועהר האט אזוינס

געטראכט?

חזירט קינדער!!!

מיט א לימטערינדל האנט ביי האנט, זענען זיי אהיים געקימען

אסאך פין זיי האבן ווייניג געפינען

זייער נאכט מוהל!!!

חנלה, בננלה, אגסלה, דיסת צשוקולד...

דעם ווערטער-בוך האבן קינדער נישט געקענט

וואס מען האט געגעבן אין טעלער איז געווארן פערברענט

אז מען האט נור געגעבן...

דען דיא מאיוריטעט יידן, האבן שוועהר אין ביטער פערדינט זייער שטיקל ברויט

אין טראץ דעם געדינט באהבה השי״ת ביז צום טויט

מראמארעשער יידעלעך האבן נישט געהאט קיין גרויסע חלומות

ברויט אין שטיב אין אוף שבת א מזונות (בסדר גמור)

אין טאפ אביסל קאשע

אוף דיא פעלדער אביסל פאשע,

איז שוין גיט געווען!

מוסר נפש געווען האט זיך איין ייד פארן צווייטן, תמיד געווען גרייט

העלפין זיין חבר ער זאלל נישט וויסען פין קיין לייד

שבת למשל האט מען פערגעססין פין אללע זארגן

פין גמילת חסדים אין בארגין

אונגעטוהן בגדי מלכות, שיין אין ריין

געלאפין צום רבי דו דארף מען זיין (ביים טיש)

דו האט מען נישט געדענקט מעהר דעם טוג פין נעכטן

דעם שלעכטין

דו ביים רבי דו איז ליכטיג

וואס עס איז געוועזן נעכטן איז שוין נישט וויכטיג

דו האסט דיא געטראפין דיינע פעטערס, דיין אלטן זיידן

דו האסט דיא געפיהלט טעם גן עדן

דער רבי שטראלט אין לאכט

אללע טיהרן אופגעמאכט

חסידים קימען אוהן א שיעור

נאך שיריים האט מען זיך געריסען

עס איז באלט נישט געבליבן קיין ביססען

אוף דיא טישן

אהער קימט מען געפלויגן

אוף ימים טובים

טרייסטעס מיט פעקעלעך

סאקוועס מיט זעקעלעך

יידן קימען צום רבי!

זעהן דעם רבי ביים עמוד אליין

יעדע נשמה האט געקענט צו-גיין (פאר פרייד)

געבעטן בשתיקה ער זאלל אינץ ביי זיינע תפילות דערמאנען

געלעיבט באהבה צו זאמען

מאראמארעשער יידעלעך

איהר געדענקט אמוהל ווען דער ווישעוועוער רב זצ״ל איז פין

אמעריקא געקימען!

אין אללע חסידים האבן זיך ביי דער באן צוזאם גענימען

וואבער, קינדער, אללע מאראמארעשער זקנים

אללע אין איינעם

ווארטן דעם רבי

א פאקל צוק, פיאקערס מיט פערד

עס האט געציטערט דיא ערט

פאר שמחה!

קיין ייד

איז נישט געבליבן אין שטיב

אראוס געשלעפט אפילו דיא קינדער פין דיא וויגן

אין אללע צוזאמען געזינגען דעם ניגון

פין הערצן טיעפן

טיהען מיר ריפען

יחי אדונינו רבינו

מיר זאללין דערלעיבן,

צו גיין א קעיגן

אקעיגן משיח צדקינו...

יידן מיט התלהבות, מיט פערמאכטע אויגן,

זיך געשטיפט צום רבי, צו געבויגן

דער רבי, דער רבי איז דו...

מאראמארעש האט אזא קבלת פנים נישט מעהר געהאט אין נישט

מעהר געזעהן

אזעינס איז נישט מעהר געווען

שנעל דיא בחורימ'ס טעיג ליקווידירט,

א קאך מיט א מענזע איינגעפיהרט

איהר געדענקט צו האט איהר שוין פערגעסין?

ווען בחורים האבין ביי דיא בעלי בתים טעיג געגעסין?

דער וישעווער אינטערנאט איז געגרינדעט געווארין פין

אמעריקאניש געלט

עס איז געווען א שטאלץ פאר דער וועלט

וישעווער ישיבה!

עס ווערט ווארעם אין יעדין עבר, ווען מען טיט אביסל צוריק

קלערין

פראטיג ווען דער רבי איז געגאנגען פערהערן

זיינע בחורים

כמעט נישט געשלאפין, נישט צוגעמאכט זיינע אויגן

נור געזארגט טוג אין נאכט פאר זיינע טויבן

תמיד געהאט איין בקשה איין תפילה

זיינע בחורים אין זיין קהילה

זיין צוקומפטיג יידיש דור

דיא חסידישע נגנים האבן מענטשן פערצאובערט

טאוזענטער חסידים עראובערט

דיא טראוריגע נגינים, דאס ריהרן מיט זייערע ליפן

האט עפיס געטיהן פערקניפין

ייד מיט ייד

גליט מיט גליט

אינזערע שטיבעלעך מיט דראנעצע דעכעלעך,

ווענטעלעך מיט פערשמירטע לעכעלעך,

עס ליגט יעדן אין זכרון,

דאס בילט פין יענע יוהרן

וויא איז נאך געווען אוף דער וועלט אויפיהל רחנויות וויא ביי

אינזערע יידן?

זיך געקוויקט געשלינגען דער רביס ניגון

מיר דערמאנען זיך אין נשכחות,

דעם רביס ישועות אין ברכות

אינזער היימעלע וואס אין אינזערע אויגן א גן עדן געווען

קיין בעסערס נישט געזעהן

מען העט געווען געטיהן פין אייך שפעטן

אויב איהר העט געווען געוואלט עפיס בעסערס ענטדעקן

יידן איבער-געלאסט אין דער היים אללעס האק אין פאק

גענימען אוף דיא פלייצעס דעס זאק

צים רבין!

מען זיצט ביים רביס הויף, וואכין, חדשים, אמוהל אוך יוהרן

מען קלערט בכלל נישט פין אהיים פוהרן

וואבער שרייבן בריוועלעך, רב עקיבא אפשר קימסט שוין אהיים!

לאז מיך נישט מיט דיא קינדער אזויפיהל צייט אליין

זיי שרייבן זיך נעביך אופ זייערע פינגער

ביז עס ווערט זיי אוף דעם הארצן גרינגער...

העט דאס היינט דיא בעסטע פראו געמאכט?

זיא העט דאך פין אזא עסק געלאכט

אוס אמוליגע יוהרן...

ווען עס גייט שוין איבער דעם וואב דיא צרות אין פערדרוסין

ברינגט דער טאטע א ישיבה-בחור א חתן

ער לאסט אים איבער פאר דער טאכטער

א מאנצביהל אין דער היים,

אין דער טאטע אליין

צוריק צום רבי!

עס האט זיך געבענקט צום הויף פין מלכות, צו דיא געשניצטע

גאנעקעס,

זיך ווייקין אין תורה טוג אין נאכט

מעהר האט מען נישט געדארפט

אך, רבונו של עולם, פאר-וואס ביסט נישט געווען צופרידן

מיט דיא דעמולצדיקע יידן?

ענפער מיר! איך טיה דיך א צינד פרעיגן

וועט זיך דיר נאך אמוהל עימעצער אזוי איבער-געבין

מיט הארץ אין נשמה, דאס גאנצע לעיבן, איבערגעבן

פאר קדושה?

איך גלייב נישט!!!

הערסט אין שטיהלן אפט מוהל זוגן

מען טיט זיך אוף אינץ מאראמארעשער בעקלוגן,

מיר זענען נישט געניג איידל, מיר זענען נישט געניג פיין,

מיר קענען עפיס בעסערס נישט פערשטיין

מיר זענען נישט געבילדעט, מיר זענען צו אייניפאך

ווייסין נישט ווערה עס איז געווען מאצארט אין באך...

געטהע, פרוינד, רעמבראנט

איז בכלל פאר מאראמארעש נישט בעקאנט...

ליידער פיעל מעגליכקייט האט מען אינץ נישט געגעבן,

איך מיין איהר וועט מיך נישט פרעיגן, (פארוואס)?

אבער א גיט הארץ, אין אסאך נאטוהר שכל האט אינץ ג-טט

געשינקט

אין וואס מיר האבן געלערינט האבן מיר אייביג געדענקט

זוגץ, האט זיך נאך אמוהל גענארט א מאן מיט א מאראמארעשער

פראו?

איך טיה אייך פרעיגן?

גליקליכע יוהרן האט זיא אים געשינקט, געגעבן,

קיין ציגארעטן,

אין קיין קאבארעטין,

ווייל מראמארעשער פראוען האבן קיין גרויסע בקשות נישט

געהאט

נור דיא קינדערלעך זאללין זיין זאט

קינדער האט מען געהאט... וויפיל ג-טט האט געגעבן,

ווענמען איז אפילו אנגעפאלין צו פרעיגן (פארוואס)??

אשת חיל מי ימצא?

וואיל איז דעם וואס ער געפינט זיא

געקנעיטן מילטירס ברויט, געשלעפט בראצעס האלץ, געפערעט

ביים טאך

ווער איז געוועזן אינץ מאראמארעשער פראוען גלאך?

אוהן קינצין, אוהן פילוזאפי

אופגעשטאנן גאנץ פרי,

געשלעפט טערעכס וואססער פין דער ברינע,

געלאפין אין דער פאלענענע

געפאלעט אין דיא גערטנער האבן אינזערע מאמעס,

אין דיא שיינע טעיג פין תמוז

איהרע שיינע 2 איידעלע הענט,

מעהר האב איך אזוינע נישט דערקענט

דיא מאמע איז אייביג דיא לעצטע געוועזן

קודם יעדן פערזארגן, דאס האט זיא געזעהן

(דערנאך קימט דיא מאמע)

געשטריקט מיט דיא הענט, געוויגט מיט דיא פיס דאס וויגעלע

אין צו-געזינגען דעם קינד דאס לידעלע

שטיהל מיין קינד שטיהל

דער טאטע איז אין שיהל

דיא מאמע איז א גרעיפין

אין וועט איהר קינד אנשלעיפין

אינטערן האלצערנעם וויגעלע,

שטייט א גאלדין ציגעלע

דאס ציגעלע איז געגאנגן האנדלען

ראזשנקעס מיט מאנדלען

שלוף שוין, שלוף שוין טייער פייגעלע

מאך שוין צו דיין כשר אייגעלע,

שלוף, שלוף, שלוף א זיססען שלוף...

אך מיין אוצר, איך שטיי אין קיק, אין וועהר נישט מיעד

צו קיקן אוף דיר, איז מיר ציקער גיט...

ווייסט מיין קינד, איך בין אוך אמוהל שיין אין יונג געוועזן

דעמולץ האסט דיא מיך נישט געזעהן

דיא שווערע ארבייט, האט מיך פערבליט

איך ריה אצינד אין זינג דאס ליעד

איך בין אוך אמוהל געוועזן א קינד, געשפילט אין זאמט, געבודן

אין טאך

געחולימט געשפינט אסאך, אסאך...

געבאועט דיר שעיפעלע דו א נעיסט,

זעיסט מיין קינד, זעיסט...

אך מיין מאמע, מיין אויגן שאן

לעיבן מיר זאלסט תמיד זיין

דיין זיססע שטימע הערן,

קיינמהול ווערט מיר נימס וועהרן,

זינג נאך מאמיקא זינג, דיינע אויגן זענען פיעל מיט שאהן

אין אזוי שלוף איך אן!!!

זאלל איך דיר ווייטער זינגען:

א שיינער טוג, א טוג אוהן א ווינט

קימט אהיים פין חדר מיין קינד

אוהן עבירות קלוהר אין ריין

מיין אוצרל קימט מיר אהיים

מאמע קיק א פייגעלע, קיק וויא שיין...

לאז צו ריה מיין קינד קים א היים

דיא פעלדער צעבליט געיל אין בלאו

זיי שלינגען אן דעם מארגן טאו

אללעס פרייט זיך מיט מיר מיט

עס קימט אהיים מיין הארץ מיין גליט

איך מיז מיין קינד א קעיגן גיין

מיין אוצרל קימט מיר א-היים

דיא לידעלעך געהערן נור שוין צו מיינע זכרונות...

מיט איהר זינגען מיט איהר ליעד

האט זיא מיין הארץ צו-בליעט

דארט אין גורטן לעיבן הויז,

בין איך געזעסין אוף מיין מאמעס שויס

זיא האט מיך געגלעט, זיא האט מיך געקישט

ליידער כמעט איך געדענק שוין נישט (א חלום)

אזוי האבן אינזערע מאמעס אופגעוואקסין קינדער,

ווען ייגגלעך זענען געבוירן געווארן, איז גרעסער געוועז דיא פרייד

ווייל פין נדן איז מען געוועז בעפרייט

איהר געדענקט נאך ענין נדנים!!

וויפיל אלטע מיידלעך זענען געזעסין אין דער היים וואשין דאס

געשיהר

וויל עס איז נישט געוועז דאס שטאפיהר אין פאפיר...

(חתונה צו מאכין)

אין טראץ דעם האט קיינער נישט געוואלט אוועק פין זיין היים

זיכען בעסערע גליקען! ניין!

איבער-לאזין זיין אייגענע היים

אין אין דער פרעמד גיין!

דאס האט קיינער געקענט פערשטיין...

פין קארש אין מעלייען ברויט,

זענען געוועז אינזערע באקין רויט

א גאנצע וואך געגעסין מעהר וואס

נאך פרנסה געלאפין, פערדרוס אוף פערדרוס

שבת אין ימים טובים

זענען אללע דאגות אוועק געפלויגן,

דאס ביסעלע שבתים אין ימים טובים, האבין אינץ געגעבן קראפט

אוסצוהאלטין צרות טוג אין נאכט,

א גאנץ יוהר...

דיא הייליגע ימים טובים מיט וואס ג-טט האט אינץ געטוהן

בענטשן

האט פארמירט עפיס גאנץ אנדערע מענטשן,

יידן וואס האבן זיך אונגעשעפט מיט כח,

אוסגעריהט זייער מח,

געקענט לעיבו אין דער וואכין...

אך דאס ביסעלע גייסטישע לעיבן

וואס ג-טט האט אינץ געגעבן

איז א מחייניש געוועזן...

איהר געדענקט א **פורים** פיעל מיט לעיבן, פיעל מיט חן

פין אינזער שיינער אמוליגער היים!

דער טאטע אויוון אוהן, דיא קינדער ארים דעם טיש

אין אלטער דער מוזיקאנט שפילט מיט דיא קלעזמער

בחורים, איך בין צום האבן, טראלא לא לא לא לא

וועהר פין אייך וויל תנאים שראבן לא לא לא...

געוואלט איך וויל קיין אלטע מויד פערבלאבן...

רבונו של עולם, בעוואז דאס וויגדער טרא לא לא לא...

איך וויל שוין זיין א מאמע פאר קינדער טרא לא לא לא

נו רב הערשיל, גיץ געלט, געלט

ווייל געלט רעגירט דיא וועלט

שנעל זענען זיי אוועק געגאנגען

אין אונגעקימען זענען דיא פערשטעלערס מיט זייערע געזאנגע

א גיטען פורים מלאך,

וויא איך גיי פאל איך

דיא בורט איז מיר לאנג

דאס וואב איז מיר קראנק

עס ליגט מיך אינטער דער באנק

היינט איז פורים מארגן איז אוס

גיץ מיר א גראצער אין שטיפט מיך אראוס!

ווייטער: א גיטען פורים מלאך

איך בין נישט קיין גאלעך

איך הייס חאנצע

ווען ער וויל טאנצע

מיין שכן נאנדור, מיין וואב שאנדור

ציצית 4 הינגען ביי מיר

אין אללע 4 עקין

א צוויק פין זיי,

איז א הימעל געשריי

א טויטין צו דערוועקן

האב איך מיר א יידענע, האב איך פין איהר צרות

חאפ איך זיא אוהן ביים גערגעלע אין דריי מיט איהר כפרות

שרהלה מיין וואבעלע האט א קיגעלע געמאכט

פין מיטוואך אין דער פרי, ביז פרייטיג צו נאכט

האט א ייד א ידענע

קען ער פין איהר נישט אוסהאלטין

נעמט ער אראוס דעם גרויסין קאסטין טיט זיא דארט בעהאלטין

היינט איז פורים, מארגן איז אוס

דער קייסער ראט צום רבים האוז

ענטדיקט מיידלעך דאס געשיהר וואשין

גיט אהער דיא המן טאשין!

א נייע חברה!

**"דער דאטש אין חסיד"**

זוג מיר אליין

ציא איז דאס שיין

צוא גיין מיט אזא מהלך...

דיא ביסט אונגעטוהן וויא א דאטש, זעיסט אוס וויא א גאלעך

דיא פרעסט אין זאופסט אין מאכסט געשעפטן העיקר ביי דיר

דאס געלט

פאות אין בורט טוהר מען נישט שטיצין מען וועט דיך מאקלין

אוף יענער וועלט

-(דער דאטש) וואס גייט מיך אוהן וואס דעמולץ וועט זיין וואס

מען וועט וועלן וועט מען מיט מיר טוהן

דערווייל טרינק איך מיר א גלעיזעלע ווין אין גיי מיר שיין

אונגעטוהן

-(דער חסיד) עס איז שענער א קאפטין א גארטל א שטראמיל מיט

שפיצן אופגעשטעלט

שיינע יידן אזוי וויא איך האבן פלאץ אוף יענער וועלט

-(דער דאטש) בערימסט דיך מיטן גן עדן קאפטין אין שטראמל,

דערווייל האסט נישט וואס צוא עססין,

גייסט ארים א הינגעריקער, אין ג-טט האט שוין פין דיר לאנג

פערגעסין

איך עס אין טרינק, אין האלט מיך יונג,

איך האב גורנישט קיין מורא

שמור את נפשותיכם שטייט געשריבן אין דער הייליגער תורה!

-(דער חסיד) פאר אזעלכע רייט וועט מען דיך שטרופין מיט ריטער

ברוטין אין ברענען

אזעלכע פושעניקעס אזוי וויא דיא האבן פלאץ נאר אין גיהנום!

איך האב געענדיגט מיין פורים שפיהל גיט אהער דיא מאשקע

עס איז געבליבן אביסל סליבאוויץ אין דער לערער פלאשקע...

היינט איז פרייליך היינט איז פורים, מארגן איז שוין אוס

גיץ מיר א גראצער גיץ מיר א קרעפל שטיפץ מיך שנעל אראוס!!!

פורים פורים, עס איז איין פרייד אין שטיב

קבצנים אין גבירעם יעדער האט אים ליעב

מען טיט א נאש א המן-טאש

אין קראזילט זיך דיא פאה

מען טיט א נאש א המן-טאש

עס איז טאקען א מחיה

גיב אהער דאס פלעשל, דאס פלעשל וויין

גיס עס מיר אין גארגל, אין גארגל אריין

אוי איז מיר היינט ביטער ביטער...

איך בין נעביך שיכור שיכור...

וואס א פערמישעניש פין א פורים שפיהל איז דאס ביי דיר!

דיא דארפסט איינמוהל קימען לערנען גראמען צו מיר...

איך גיב מיט דיר א שטיפ

אז דיא בלייבסט אוהן א ריפ!

פורים האט יעדער דאס רעכט צו גראמען וויא ער וויל

אין עס זאלל זיין שטיהל!!

וועהר קיקט אין טעלער,

דיא פערשטעלער (פערקישיפין אינץ)

מען וויל אופהייבן זייערע מאסקעס זעהן ווער דאס איז

(זיי לאזן נישט)

דיא גאססען זענען פיעל מיט יידעלעך,

פיל וואטנס קלעזמער מיט פידעלעך

שפיהל מוזיקאנט שפיהל

עס זאלל זיין פרייליך נישט שטיהל

פעיאקערס מיט פערד

עס האט געציטערט דיא ערד,

יידן הייגט איז פורים!

מיר האבן געענדיגט דיא סעודה זיין אוהנק צום פעטער יחזקאל

דו איז אייביג פרייליך...

אויוון אוהן זיצט דער מלך,

מיט 10 קינדערלעך ארים דעם טיש, מען זינגט מען טאנצט

דאס האוס עס גלאנצט (פאר שמחה!)

דיא מימע חיי' איז אייביג געווען א ליסטינגע בריה'

צו יעדער מכה פלעיג זיא האבן א רפואה

אינץ אללע בעזעצט, מיט ליבשאפט ארים גענימען

כדאי מיר זאללין זיך גיט געפינען

באלט איז אונגעקימען דער פעטער פישל,

דער פעטער זלמן לייב, יעדער מיט זיין בני בית

עס איז באלט נישט געבליבן קיין כזית (אוף דיא טישן)

**פסח**

א טוג נאך פורים האט מען זיך גענימען צום פסח

מיט קראפט אין שטאלץ

קראצין דאס לאקשין ברעיט אין וואלגער האלץ

שטרוי פריש אין דיא שטרוי-זעק, קאשערין דיא בעטן

געריבן דיא בריקן, מיר האבן נישט געהאט קיין פארקעטן

פערשמירט דיא שטיבעלעך,

אוסגעגרוט דיא גריבעלעך

יעדער אליין

האט געקאלעכט זיין היים

ראבט וואבער! פערגעסט נישט פיצן בריען

קאשערין אין גליען

עס זאלל חלילה נישט בלאבן קיין חמיץ אין דיא ווינקעלעך אין

דיא עקין

נעמט אראוס דיא אוסגעזעכטעלטע טישטעכער אין דעקן

זעק מיט ריבלעך, קיישער מצות אייער

עס איז נישט געווען גורנישט צו טייער (לכבוד יום טוב)

איין קול איין קלאנג

פין פרי ביז זינען אינטערגאנג (ארבייט)

לייג נישט דיין חמציקן זייגער אוף דעם פסחיקין טיש

פערשטייסט נישט? (ער איז שוין פסחיק)

אזוי מדקדק געווען איז מען אוף יעדער זאך

פסח מאכין אין מאראמארעש איז נישט געווען אזוי איינפאך...

דאס חיות האט מען זיך אראוס געטריבן

אביסל כח איז נישט געבליבען

גיי נישט

שטיי נישט

נעם נישט

לייג נישט

א גהנום, ווען וועט דאס שוין א ענדע נעמען?

שרייען דיא מענער!

עס איז בין הזמנים, קינדער זענען פין חדר פריי

אין שטיב אראן קים נישט, גיי נישט, שטיי!

זיי צעשטרעקן זיך אוף דיא גאססין שפילן קנעפלעך

מיידלעך ראבין וואשין טעפלעך (מיט דער מיטקע)

דיא גענץ צוגאגען זיך, עס ווארט זיי דער טאפ

קעלבער לעמער אינדיק קראפ,

דיא שוחטים שארפין דיא חלפים גרייטן זיך צו דער שחיטה

יידעלעך קלאובן פרוטה אוף פרוטה

לויפין, קויפין, (צום הייליגן יום טוב)

סוף סוף פארטיג געווארין, עס שמעקט א מחיה

בארשט חרעמזליך, קעיזלעך, קימען יעצט אוף דער רייע

דער מלך מיט מלכה, מיט זייערע קינדערלעך ארים דעם טיש

אונגעטיהן בגדי מלכות ניי אין פריש

מוכן צום סדר!

א טעם גן עדן פין אמוליגע יוהרן

וואס וועלין בלייבן איינגעקריצט אין זכרון

אוף אייביג!!

## שבועות

פערפאקט דיא געשיהרן בעגלייט דעם פסח,

יינגעלעך גייען צוריק אין חדר

דאס לעיבן גייט ווייטער וויא כסדר

טאטעס זיפצין זיכין פרנסה, ברויט פאר דיא קינער

אפשר וועט געשעהן א נס א וואונדער

עס וועט פאלין מן מין השמים...

דיא פעלדער אין גערטנער ווערן פערזיייעט,

רחלה אינזער שכנטע קימט צו לופן, איטקו איך בעיט דיך

אפשר האסט א גיטן רעיטאך!

זיי זענען ביי מיר דאס יוהר נישט גערוטן

מיין מאמע וואורפט איהר איבער דיא דרוטן,

רויטע שווארצע וואסע

א גאנצע מאשא... נעם מיין גיטע שכנטע

דיא שטאהלן ווערן געעפינט, דיא בהמות ווערן בעפרייט

פין פאסטעכלעך שייגעצלעך צו דער פאשע בעגלייט

מען דארף אסאך מילאך שבעות קימט צו גיין

א שיינער לעכטיקער יום טוב וועט ווייטער ביי ידעלעך זיין

קעיס פיטער קרעפליך

עס זענען פיעל דיא טעפלעך

גרינע בונדלאך, אין פיש געבאקן אין פיטער, א מחיניש געווען

געדינקט איהר מיינע ליעבע איהר זענט דאך אוך דארט געווען!

קינדערלעך קוויקן זיך, שלינגען האם האם האם

עס האט א גיטן טעם

דאס קליינוואַרק וויל נישט שלופין, זיי טיהן זיך בעהאלטין

ווילין זעהן אין דראוסין, ווען דער הימעל וועט זיך שפאלטין

וואבער זיצין פאר דיא האזער ליינען מגילת רות

חילה שלעפט דיא קערעלעך פין א געשפאלטענעם הארביז

מארגן וועט מען זיי צעשפרייטן, אקעגן דער זיהן באקן,

וועלן האבן קינדערלעך איבערן יום טוב, קערעלעך צו קנאקן

יידעלעך לויפין לויפין האבן נישט קיין ריה,

לערנען לערנען תורה ביז אין דער פרי

שטיבלעך בתי מדרשים, א געשריי א געטימעל

קינדער שטייען אין דראוסין מיט זייערע אייגעלעך צום הימל

עס איז חצות. טאטע דאס מוהל וועסט אינץ נישט קענען צוריק

האלטין

מיר ווילן איינמוהל אין אינזער לעיבן זעהן ווען דער הימעל וועט

זיך שפאלטן

אוסגעפיצט אין גרינעם

מיט פארביקע בלימען,

מוכן אין מזומן

דיין תורה צו בעקימען!

## ראש השנה - יום כיפור

וואס ציטירט איהר ביימער, וואס האט איהר מורא

סייז שוין דערעך דער יום טוב פין מתן תורה

אוס דיא 3 וואכין, דיא איכה-דיקע 9 טעיג,

געניק געקלוגט אוף אינזער בראך,

עס מעג שוין נעמען א סוף...

יידן לויפין גאנץ פרי אין דיא מקוות, גרייטן זיך צו מיט כונה

עס קימט דער הייליגער יום טוב, "ראש השנה"

א וועלט ווערט געמישפט, צים לעיבן אין חלילה צים טויט,

ווער עס זאלל האבן אין ווער נישט דאס שטיקעלע ברויט

בעטן יידעלעך רחמים, מיט ציטער אין מיט מורא

שרייב אינץ אוהן רבונו של עולם א שנה טובה

על חטא שחטאנו, זיי אינץ מוחל בעשעפער טיה פערשטיין

אינזערע תפילות בקשות, אינזער ביטער געוויין

אללע בתי מדרשים בעטין פרנסה ישיעות

הצלחה אין זייער לעיבן פאר קראנקע רפואות

אונגעטוהן מיט וואססע קליידעלעך

בעיטן פאסטן מיידעלעך

א חתימה טובה!

אך א יום כיפור אין מיין היים

דיא תפילות דאס געוויין

א זיהן מיט א פוטטער, א טאכטער מיט א מיטטער,

עס האט געכאפט א ציטער

יום כיפור!

## סוכות

דיא שיינע גרינע ביימער ווערן פליצים בלאס

האופינס געילע בלעטער פליען אוף דער גאס

בעקלאובענע נאקעטע פעלדער,

טראוריגע פיסטע וועלדער,

אללעס אין דיא קעילערס פערפאקט

פערזיגעלט פערמאכט

פארן שונא דעם ווינטער

דער זיממער איז שנעל פערלאפין

ממש אנקלאפין,

עס בלוסט שוין דאס תשרי ווינטל, עס איז קאלט

קינדער שלעפין בראצים האלץ פין וואלד

דיא ביימער האבן נעביך מורא פאר דער שארפער האק:

סכך דארפין יידעלעך צו דעקן דעם שלאק

יעדע עדה זיכט איהר קהל,

א אתרוג א לולב פון ארץ ישראל

מיט קיישעלעך, קייטעלעך, אוסגעבלוזענע אייער,

עס איז גורנישט געווען צו טייער

פארן ליעבן יום טוב!

קינדער קלעיבן קייטעלעך מיט פאפ אין ווען נישט מיט שפייעכץ

א וויש אהער, א וויש אהין,

א האופין קייטעלעך בלאו אין גרין

א שיינער לעכטיקער יום טוב איז סוכות געווען

א סוכה וויא ביי אינץ האט איהר נישט געזעהן

מען געזעגינט זיך פון דער סוכה מיט פרייליכע לידער

מיר זאללין זוכה זיין איבער א-יוהר ווידער

מיין גרויסער ברידער מיט א פרייליך פנים

גרייט שוין צוא דיא שיינע פונען

צוא שמחת תורה!

יינגעלעך מיט פעינדעלעך טאנצין מיט דער תורה

דאס איז אינזער אוצר! דיא בעסטע סחורה

א פוהן א לעכטיל אין שפיץ א עפיל

פלעסקעט מיט דיא הענטעלעך שאקעלט מיט זיין קעפל

לשנה הבאה בירושלים הבנויה!

חתן תורה, חתן בראשית, מען טאנצט און טרינקט

יעדער ברינגט

בראופין וואן,

מען גיסט אראן

טרינקען דאס איז היינט דער עיקר

יידעלעך זענען היינט שיכור

היינט איז שמחת תורה!!!

## חנוכה

א פראסט אין דרויסן. וואסער שניי דעקט צו דיא ערד,

מיט דיא בעזעמעס ווערט פערקערט

האופינס שניי!

ער ווייסט קיין סוף נישט, פאלט אין פאלט

קינדערלעך שרייען אין דרויסן אין קעלט

מען ווערט פערפרויערן!

אונגעטוהן אין טליתים פעלדער אין ביימער

פערפרויערן דאס וואסער אין שטיב אין דיא איימער

ווינטער אין מיין אלטער היים!

פערד מיט גלעקער שלעפן שליטענס: דין דין, שנעל אהיים

פין וואטין זעיסט א שיכרן גוי גיין

מיט פערפרוירענע וואנציס

שאובן געמולענע מיט פאנטאסטישע בלימען

א צייכנער העט זיך געקענט היינט בערימען

מיט אזא קינץ!

ייגעלעך מיט ספרים

אינטער זייער אורעם

דאס מוהל נישט וויא כסדר

קימען אהיים פרי פין חדר

היינט איז חנוכה!

אין שטיב איז ווארעם, אין הריבע ברענט א פייער

ברינגט דיא שיקסע עפיל בארין פינעם שייער

דיא גענץ ווערן צישמאלצין, שמאלץ גריוון פיעלע טעפ,

פלוסט, לעיבער, אינדיק קרעפ

געברוטענע ריבלאך, קארש אין מעלייען ברויט

פין דעם זענען געוועו אינזערע באקן רויט

ראבט קינדער!

א ריח פין גיטע מאכלים וואס טיהן אייך אפילו יעצט אונשמעקן

איך זעה וויא איהר טיט אייך בשתיקה דיא ליפן בעלעקן...

לעבן וויגעלע זיצט דיא באבע,

דערציילט איהרע אייניקלעך א מעשה

פין ציגעלעך, שעפסעלעך, לעמעלעך ווייסע

פין דער צדיקסתע חנה וואס איז געשטאנען מיט איהרע קינדער

גרייט

געקיקט מיט קדושה וויא מען האט זיי געטייט

אוף אזא מאמע קען זיך קיינער בעקלוגן

אוף אזא מאמע קען מען נור זוגן

אם הבנים שמחה!

דאס איז דאס ליעד

פינעם אייביקן ייד! (מסירת נפש)

אין מיטן דער באבעס מעשה, איז דער טאטע אריין געקימען

ביי דער הריבע מיט דער באבעס מעשה האט ער אינץ געפינען

אופגעשפרינגען זענען מיר, גליקלעך פיעל מיט פרייד

אין פענסטער דאס חנוכה לעמפל שטייט שוין צו-געגרייט

מאכט דער טאטע דיא ברכות אין הייבט אוהן מה עוז צור צו

זינגען

מאכין מיר קינדערלעך א רינג טאנצין אין שפרינגען

מיר שטעלין זיך אוס אללע אין דער רייע

רייבן זיך דיא הענטעלעך פאר א מחיה

נו טאטע נו

מיר זענען דו

חנוכה געלט!

מיט דער קאצשערע אין דער האנט שטייט די מאמע איינגעבויגן

שארט פרישע פלאם פלעצלעך פינעם הייסין אויוון

עסט קינדערלאך עסט, האט אייך גיט אין זינען

חנוכה איז היינט קינדערלאך זאלל אייך וואיל בעקימען

אוסגעשניטענע קוויטלאך פין א פאפענ-דעקל

געברוטענע ריבלאך אין די טאש פין רעקל

דאס שליטעלע אין לאמטערן שטייט אין ווארט אינץ קינדער

21 איז דער שפיהל פין מזל אין פין ווינדער

דריי דיך דרעדל דריי דיך, זאלין קינדער פרייד אין דיר געפינען

25 באני א קראונע זאללין זיי געווינען

גייען מיר קלאובן חנוכה געלט, חנוכה געלט ביי דער משפחה

גייט קינדערלאך גייט אין האט הצלחה!

אזוי האבן מיר געלעבט, אין יוהרן זענען פערלאפין

אוף דער גאולה האט מען געטוהן בעטן אין האפין

במנוחה זענען מיר געזעסין

אז מיר זענען אין גלות האבן מיר פערגעסין

אז מיר זענען א פאלק אין דארפין א לאנד,

זיך געוויינט צו זיין צו שפאט אין צו שאנד

ביי דיא גויים!

פין פאלעסטינא האבן נור דיא איינפאכע יידעלעך גערעט...

פין דעיע האט מען גור געמאכט א געשפעט...

א בעל-בתיש קינד

איז געזעסין מיט געזינד (אין דער היים)

געהאלפין אופשטעלן יידישע דורות,

דען דארט איז געווען אינזער שטאם, אינזער שורש

אזוי וויא זאמט, אזוי וויא שטערן

דארפין זיך יידעלעך מעהרן מעהרן

ביז וועט וועט איהר נאך גויים שוואגן?

ביז וועט וועט איהר פין יידן לאדין? (האבן דיא גויים געהעצט)

ווייל דער גוי איז מיט אלעם אונגעקימען צום ייד

שלעכטס אבער גיטס

אללעס איז ביי אינץ אין דיא הענט געווען

ארבייט! א פוהר ידים דארף נאר עשו האבן,

שטיינער צו טרוגן, ערד צו גרובן

אזא ארבייט איז נישט פאר א ייד צו מאכין...

מען וועט אייך אוסלאכין...

עס פאסט נישט!

יעדער המן האט געזיכט תרוצים אינץ צו פערניכטן

ביז איינער איז אופגעשטאנען אין געזונט: מיט דיא אללע זאכין

וועל איך א ענדע מאכין!

1940 האבן אינץ דיא דאטשן פאר דיא אונגארין איבערגעבן

אוהן קיין שום שאלות צו פרעיגן

זענען מיר אונגארישע בירגער געווארן

נאיווע יידן האבן געמיינט עס וועלן זיך ווייטער אונפאנגען פ. יוזפס

צייטן

מען האט נור געטוהן סתם דיא מלוכה באטן

מיר האבן נישט געוויסט וואס עסווארט אינץ...

מיט מחשבות ריינע

ווערטער שיינע

"טעשטווערעק וואגיונג"

באלט האט מען אינץ אונגעהויבן האססען

יידן האבן מורא געהאט צו גיין פריי אוף דיא גאססען

יידן האבן נישט געטוהרט אין דיא צעיגער פוהרן

אינץ פערקערצט דיא יוהרן

דיא גיטע אונגארין ימח שמם

דיא בעסטע גויישע פריינד

זענען פליצים געווארן פיינד

זיך געהיט פין אינץ יידן, וויא פין מצורע

האלט אייך מיט אייער ג-טט אין מיט אייער תורה,

1943, אין דער שטילקייט פין דער נאכט

האבן מיינע עלטערן ערוואכט (אינגערישע זשאנדארן)

געפינט מיט מורא דיא טיהר, אין אינטערגעריבען דאם בלאט

אין צו מארגן איז שוין דער טאטע געווען א אינגערישער סאלדאט

דיא צרות האבן אונגעהויבן,

מעהר האבן מיר נישט געוויסט פין קיין פרייד

געקימען זענען צרות, צרות אין לייד

מיט זיינע הענט אוף אינזערע קעפעלעך האט ער אינץ געטוהרן

בענטשן

פערגעסט נישט מיינע קינדער, אייביג זאלט איהר זיין מענטשן

געדינגט קינדער מיינע רייד

השי״ת זאלט איהר אייביג דינען מיט פרייד

מיט תפילין לייגן זאלט איהר מיינע זיהן דעם טוג בעגינען

אין דעם זכות וועט אייך ג-טט היטען, אין האבן אין זינען

צום ערשטן מוהל אין מיין לעיבן האב איך געזעהן מיין טאטעס

אויגן פיל מיט טרערן

געקענט האט ער נישט אופהערן (וויינען)

דיא מאמע האט געפאקט דעם רוקזאק, אין אינץ צו דער באהן

מיט-גענימען

דו זענען זיך אללע יידישע סאלדאטן צוזאם-געקימען

דער בלוזער האט א פאף געטוהן געגעבן דעם סימן

איך ווייס נישט פין וויא דיא פראוען האבן אזויפיהל כח גענימען...

קימט צוריק בקרוב טייערע מענער, לאסט אינץ נישט אליין

קימט בקרוב אהיים... אהיים! קימט קימט קימט!!!

דיא מענער האבן געעפינט דיא פענסטער פין דער באהן,

אראוס-געשטרעקט זייערע הענט,

אין מיט דיא טאשטיכלעך געווענקט...

פערגעסט אינץ קיינמוהל נישט געדענקט!

שלום אין ברכה

טייערע משפחה!!!

דער צוג איז פערשווינדען אין מיר זענען מיט דער מאמע געבליבען

א פראו פין 40 יוהר מיט 7 קינדער, דאס אללעס איבערלעיבן...

פין וויא האט זיא אזויפיהל כח גענימען, איך טיה מיך פרעיגן

איך ווייס נישט!

נאך 2 חדשים איז דער טאטע אלץ "מונקא-סולגולוטוש"

אוף 24 שעה אהיים געקימען,

אינץ אללע ווארעם ארים גענימען

מיר זענען ווייטער אין איינעם!

אובגעשניטן זיין הדרת-פנימדיקע בורט,

זיינע אויגן זענען געשווימען אין טרערן

געקענט האט ער נישט אופהערן

וויינען!

האבן מיר זיך צו אים דערנעינטערט אין געפרעיגט

טאטיקא, דיא וויינסט, מיר פערשטייען נישט פארוואס

אין דראוסין איז זיממער עס שפראצט דאס גרוס

א שיינע זיהן שיקט גאלדענע שפיזן

אינץ קליינצשיקע קינדערלעך הייגט צו בעגריסען

אין דיא טאטיקא וויינסט גיסט ביטערע טרערן,

אינזער קינדערישע פרייד צו פערשטערן!

אך! קינדערלעך מיינע קליינצשיקע פייגעלעך

פערמאכט זענען נאך אייערע אייגעלעך

יונג נאריש אייער שכל,

אין אוף דיא ליפן אייער קינדערישער שמייכעל

זיך פרייען צו וואס?

צו דעם פערשאלטענעם גרוס

גרוס קינדערלעך גרוס,

ווייסט איהר וואס איס דאס?

(צושטיהל צו דער מאמע)

אין דיא אללע פערשאלטענע לענדער, וויא עס וואקסין היינט

ווייטער גרוס אין בלימען

האט טייכין יידיש בליט אוף זיי גערינען...

וועהר ווייסט נאך וואס דער מארגן וועט אינץ ברינגען

פאם אוף ליעבע איטקו, פאם אוף אוף דיא קינדער

אפשר וועט נאך געשעהן א נס א ווינדער

אין איך וועל נאך אמוהל צוריק קימען צו אייך...

אין דיא מיין טאכטער, ביסט מיין גרעסטעס קינד

פאם אוף אוף דער מאמע פאם אוף אוף איהר געזינט

דען זיא איז מיין חבר אין לעיבן...

דיא ביסט שוין נישט קליין

אין דארפסט דעם מצב פערשטיין

איהר מיסט איינער דעם צווייטן בייהעלפיג זיין

ביז צו מיין קימען אהיים!

דאס קימען אהיים איז געווארן א חלום

דען דיא מלחמה איז געווען אין פלאס, אין ווייט דער שלום

ווען מענטשן האבן שוין געוויסט אז דער טאטע איז שוין נישט דו

האבן מיר פין גורנישט געוויסט, געהאפט יעדן טוג יעדע שעה

אט דער טאטע קימט!

דיא קינדער האבן ווייטער געלערינט, דאס לעיבן דארף ווייטער גיין

ווער האט דען געוואלט פערשטיין

אז עס קימט דער סוף!

דיא זעיג האט האיאש איבערנעמען

יעדן חודש האבן מיר א געוויסען סכום בעקימען

ביז ער האט זיך דערבייזערט, נאך קיינעם געטוהן פרעיגן

אין גורנישט געגעבן...

איך געדענק איך בין אמוהל צו יענקל לייב וולף אריין,

מיט א גאלדענער קייט אין מעדאליון, מיר ווילן דאס פערקויפין

מיין מאמע דארף געלט,

ער האט זיך געווינדערט דאס איך בין געקימען אליין

אבער מיר אנשטענדיג בעצוהלט אין איך בין געלאפין מיט א

שמחה אהיים

דיא מאמע האט דערפאהר איינגעהאנדילט: אזאק מיט ריבלעך,

הערצשקע, אין ארבעס מעהל,

אין א שקורמיץ מיט ווייצן מעהל לכבוד שבת

ווען דאס וועגעלע האט זיך ביים האוז אופגעשטעלט אין דיא

שכנים האבן אינזער איינקויף געזעהן

איז אינץ יעדער מקנא געווען

שווארצע וואלקענעס האבין אינץ ארים גענימען

ביטערע טעג זענען געקימען

איך האב אונגעהויבן צו האנדלין מיט יעדן ארטיקל אוף דער

וועלט

פרנסה צו ברינגען צו פערדינען געלט

אין דיא גרויסע ווינטערדיקע פרעסט

געפוהרן קיין סיגעט, אין פעסט

מיט שטאלץ בטחון, אוהן מורא

ארים געוויקילט אוף מיר מעטערס סחורה

פערקויפט פאר דיא גויים

שפעטער איז געקימען דער שמאלץ סעזאן, גרויס-ווערדאן,

סעקילהיד

געשמירט דיא קאלאוסין זאללן זיך נישט מאכין זעהן...

גלייבט מיר אזוי איז עס געווען

איך פלעיג אפט-מוהל געשעפטליך ציא אנשיל פישמאן קיין

ריסקיווע קימען,

ריסקיווע איז געווען דער מקום פין מיין טאטעס משפחה,

מיין טאטעס האוז איז געווען געבענטשט מיט א ברכה

14 קינדער זענען זיי געווען

ריסקיווע איז געווען א דארף מיט שיינע בעל-בתישע יידן,

וואס האבן געלעיבט באחדות צופרידן

פילינינעס, פעלדער, פיפלען מיט פערד,

עס ווערט צעאקערט דיא ערד

פרנסה פאר יידעלעך;

ווען דיא זיהן גייט אינטער קימען צוריק דיא פאסטעכער מיט

זייער צשערדע,

אונגעלודינט אוף דיא זוטלין קאמפיס, סמעטענע, אין ערדע

קאדיעס פין גורטין אין טאקאנס ווארעמע עס גייט פין זיי א

רויעך,

פין דעם איז מען געווען גבירש אין געהאט כח

ראבט קינדער ראבט!

ליידער געדינק איך נישט אסאך פין מיין זיידע צו דערציילין

וויא א חלום געדענק איך

ער איז איינמוהל מיט דער מימע שרה רבקה

ביי דער ברינע אוף דער באנק געזעסין

איך וועל דאס קיינמוהל נישט פערגעסין

ער האט מיך צו אים צוגעדריקט ווארעם ארים גענימען

איך האב דאס פאר זייער גיט געפינען

אוך ליגט מיר אין זכרון, ווען ער איז נפטר געווארן

אין דעווישעוויס אין שפיטוהל, זעה איך פאר מיר ליידיג דאס בעט

נישט דו מעהר מיין זיידע אוועק אוועק!

איבער געלאסט יתומים אליין אוף דער וועלט

נישט פערזארגט, נישט קיין פרנסה, אין נישט קיין געלט

דיא באבע געדינק איך בין לעצטן מיניט

זיא איז געווען צו אינץ טייער אין גיט,

מיט חכמה אליין

אופגעוואקסין שיין

איהרע קינדער!

געלאפין געיוגט,

געארבייט געפלוגט,

פאר א תכלית!

נישט אסאך אלמנות, האבן זיך געטוהן בעמיען

אזוי קינדער צו ערציען

אין לעיבן אללע איהרע צרות, תמיד פרייליך אין ליסטיג געווען

אין וואס זיא האט אין איהרע יונגע יוהרן דערעך געלעבט האט

קיינער געזעהן

מיין טייער ברידערל אברומיקא האט צום ליעבסטן געהאט ביי

דער באבע

זיא האט אים פערפעסטעט, לאקעטקעס געגעבן.. ווען דער טאטע

איז שוין נישט געווען אין דער היים

האט דיא באבע געבעטן ער זאלל ביי איהר זיין

אין ריסקעווע!

א קעפעלע האט דאס קינד געהאט נישט צו בעשראבן

גלייבט מיר איך טיה גורנישט איבער-טראבן

איך ווייס וואס איך זוג!

בלעטער גמרא אין תוספות, ביי רב׳ אהרן זיך פערהערט

אזא איינקעל איז ב״ה נאר מיר בעשעהרט

פלעיג דיא באבע זוגן.

**טוג פאר טוג** קימען אראוס נייע גזירות

דיא רעגירונג לאסט זיך הערן

מען דארף אונטיהן דעם געהלן שטערן

אורעם ראך,

אללעס גלאך

אינץ יידן דערקענט מען שוין פין וואט

מיר זענען גחתמיט

אין מערץ איז א שפיגל-ניי געזעץ אראוס-געקימען

אין באלט האבן זיך אללע יידעלעך געפינען

אין דער געטאו!

קיין שום געלט האט נישט געקענט מבטל מאכין דיא גזרה,

עס איז נשיט געווען קיין ברירה...

פין אלע דערפער יידן מיט וועיגן,

יעדער טיט פרעיגן..."לאן"

פאר וועלכע זינד פארוואס?

איז אינץ געקימען דאס?

אך דיא בליטיג מאראמורעש

לאנד פין פרייד אין לאנד פין צרות

וואס איז אינזער זינד, וואס איז אינזער חטא?

מען זאלל מאכין פין אינץ אזא געשפעט...

פרעיגט קיין שאלות, דיא קאמוניסטן זענען ביי דער גרעיניץ

מען מיז אינץ אוף איין פלאץ קאנצענטריהרן

ווייל א זשידאן האט ליעב צו שפעקולירען

א ייד איז תמיד א פערעיטער!!!

מען לויפט צוא דיא רבנים, מען לויפט אוף דיא קברים פין

צדיקים

ראטעוועט, א ישועה, א ישועה!

ליידער נישט דו קיין רפואה

צוא דער ביטערער גזירה!

וויא דיא שוף צוא דער שחיטה האט מען אינץ געפיהרט,

קיינעם האט דאס נישט בעריהרט

גייט יידעלעך גייט...

הו הו, עס זענען אוך געווען אנדערע צייטן ווען יידעלעך איז

געגאנגען גיט

קיינער האט נישט געקלערט אוף אזא טראגעשיר מיניט

פערגעסין אז מיר זענען א פאלק אין דארפין א לאנד

נישט געקלערט אז מיר וועלן זיין צוא שפאט אין צו שאנד

ביי דיא גויים!

ליידער צוא שפעים האט מען געזעהן עס "ברענט"

ראטעווען האט מען זיך שוין ליידער נישט מעהר געקענט

שנעל געשווינט

וויא אין דער בלינט

געגאנגען!

מאראמארעש האט קליגע יידן געהאט

וויזוי האט זיי דער שכל געטוהן אזוי פערפיהרן,

דאס מען האט גורנישט געטוהן שפעקוליהרן

נאר געגאנגען...

איך האב נישט קיין תשובה פאר מיר אליין,

פארוואס האבן מיר זיך נישט אקעיגן געשטעלט..פראבירן, פראבירן

זיך נישט לאזן סתם אזוי פיהרן... (אפשר דאך)...!?!?

מאסין, אוף מאסין

עס זענען פיעל געווען דיא גאססען

ציגעקלאפטע חדרים,

פערזיגעלטע ספרים,

הפקר דיא געשעפטן, הפקר דיא וועלט

עס וואלגערט זיך אוף דיא גאססין פערמעיגן אין געלט,

דאכעניס, קישענעס, פעידערן טרוגט ווייט דער ווינט,

מיט א גמרא אין הענטעלע לויפט א קינד

צדה לדרך!

הימעל ערד איך טיה אייך פרעיגן, איהר טיט שוואגן?

איהר לאסט אינץ סתם אזוי פערטראבן?

אוועק רייסין אינץ פין אינזער היים

דאס קען נישט זיין

ניין! ניין! ניין!

דיאביימער האבן אונגעהויבן בליען, דער זיממער איז דא

פאר אינץ אללעס געשטארבן, גורנישט דא,

מען מיז גיין!

פייגל פערטריבענע פין זייערע נעיסטן קימען זימער צוריק צו זייער

היים

אבער מיר ניין!!!

אינזערע שענסטע בעסטע קינדער-יוהרן האבן מיר נישט געקענט

געניסען

מיר האבן שוין געהערט פין לאגערס שמיססען,

אבער פין פייער, קוימענס האט קיינער געהערט...

וויא דיא וועלט האט א עק,

פיהרט מען אינץ אוועק,

ווייט, ווייט,

א אייביקייט...

מען פוהרט דערעך שטעיט, דערפער, פעלדער פיסטע

ג-טט אין הימעל וויא ביסט דיא?

עס קימט דיא נאכט,

פין רוצחים בעוואכט,

איבער בערג אין טוהל,

דאטשן איבערוהל...

אינזער עלטער, עלטער זיידע האסט נאר פראבירט,

צוא דער עקידה געפיהרט,

אבער חלילה נישט בעריהרט...

אינזערע אבות אינזערע קדושים האסט צוא קיין נסיון נישט

געשטעלט

נאר גרוד פאר קרבנות אוסגעוועלט...

דיינע יידן וואס האבן זיך פערלאסט אוף דיר ביז אין לעצטן מיניט

האסט געלאסט שחטן, פערגיסען זייער בליט...

דיא זיהן האט געטוהן לאכטין, אין דער שוחט האט געשאחטן

אין אין דער שטילקייט פין דער נאכט

ווערן נשמות ערוואכט

אין פרעיגן: פאר וועלכע חטאים פאר וואס!!?

איז אינץ געקימען דאס?

נישט דו קיין תשובה!!!

אין דיא צעיגער א היץ צוא דערשטיקן

נישט דו אביסעל וואססער זיך צוא דערקוויקן

אין דאס ביסעלע, דאס טראפעלע וואס איז נאך געווען

האט מען געדארפט זעהן,

עס זאלל בלייבן אוף "אשר יצר"...

ציפורלה מיין שוועסטערל פרעיגט: וויא פוהרט מען אזוי לאנג?

איך מיין איך הער נאך יעצט דעם קינדס שטימע אין געזאנג

מאראנצין מאראנצין, אין פאלעסטינא וועלן מיר טאנצין...

קיין פאלעסטינא מיינע קינדערלאך, מיינע טייערע פייגעלעך

בעיט צוא ג-טט אין פערמאכט נישט אייערע אייגעלעך

אויב פאלעסטינא איז אזוי ווייט, וויל איך נישט פוהרן איך וויל אהיים!

איך וויל נישט מעהר פוהרן... ניין! ניין!

מאראנצין, מאראנצין...

דארט וועלין מיר טאנצין...

טרערין זענען פין דער מאמעס אויגן גערינען,

אינץ אללע ווארעם ארים גענימען

אין געקישט, געקישט...

מאמיקא אביסעלע וואססער נאר אביסעלע,

אין מיין קליין שיסעלע,

איך בין דארשטעריק...

נישט דא! נישט דא!

אויב ג-טט וועט מיר יוהרן שינקען

דאס בילד וועל איך אייביג געדענקען!...

מען פוהרט, טוג אין נאכט, טוג אין נאכט, אין צום סוף

אונגעקימען...

אוועק ווארפין דיא קינדער פין דער בריסט!

דיא ווייסט נישט וויא דיא ביסט!

"אושוויץ"

דיא בעסטיע רייס נישט אוועק דאס קינד פין ווארצל פין זיין

מאמעס בריסט

אימזיסט!

א ים מיט טרערין איז פערגאסין געווארן

אין מען האט נישט געקענט אנהאלטין ג-טטס צאהרן

קראנו לחסד לאומים

והתפללנו לרחמי הגויים

ואין עונים!!!

שרייען האט נישט געהאט קיין ווערט

ווייל קיינער האט אינזערע קולות געהערט!!!

## אובגעלודינט

פין דער-וואטן זעיסט דעם רוצח דעם דאטש,

אין דער האנט מיט זיין באטש

פראבירסט רעדין א ווארט,

"היער גיבט נאר מארד"

מיר בלייבן שטיין,

אין ווייסין נישט וויא צו גיין...

קיקט נישט א-הינטער

דיא וועלט גייט אינטער!

רעכטס, לינקס, רעכטס לינקס,

א ישועה, א ישועה, אבער ווען!

מיר גיין אֻוף קידוש השם

קינדער ביז עס איז נישט שפעיט

זאללין מיר זוגן אין איינעם דאס "וידוי" געבעיט

אוי סייז שלעכט

לינקס אבער רעכטס...

ביז אושוויץ איז צו-געגרייט געווארן

האבן זיי אוף דיא פעלדער אוסגעלאסט זייער צארן,

דיא פרעיגסט וואס דיא פאטקאוועס אין פיס פין דיא פערד זענען רויט!

דאס איז פין אינזערע ברידער וואס ליגן טויט

חזרים, קעץ, פליגען אין פערד

קימען אופלעקן דיא ערד

דיינעברידערס בליט!

א פערד וואס האט זיין טויטן בעל-עגלה דערקענט

האט מעהר זיין בליט נישט לעקן געקענט

פאר רחמנות

אבער דער גוי

ימח שמו

אוהן רחמנות!!

צעזעץ דיך דאטש ריה דיך אביסל אופ

אין לאז אינץ אופ!

ער זינגט זיך א ליעד

ער איז נישט מיעד

דיא שפירסט ווערסט דערשטיקט פין טרערין אין געוויין,

אבער ניין! (עס גייט נישט)

אוסגעטריקנט דער ים מיט טרערין

קיקסט פערחולימט אוף א שטערן

העלף מיר!

אין דיא זיהן, בעהאלטסט דיך הא!

אפשר האסט דערפין פערדרוס! וואס!!!

קים שאהן וויא תמיד!

אין דיא לבנה

וואס איז דיין כונה!

אללע משרתים פין גטט שטייען אין דער זאט

זיי זעהען דיא מעשה איז נישט עפיס אזוי גלאט...

יעדער ריקט זיך אוועק...

איך זינדיגע בין געבליבען

אין מיינע הייליגע האט מען פערטריבען...

צעבראכין אוף אייביג זענען מיר

אפילו איך שינק א שמייכל דיר

קימט עז נישט פין הערצין..

איל האב געהאט א מאמע, א מאמע א בריליאנט

איך האב געהאט א טאטע, איך כאפ אוהן זיין האנט,

דריק זיא צוא מיין הערץ

פערגעס אין מיין שמערץ

פליצים וואך איך אוף א חלום!

## אין בוד אריין

וואס קען שוין אין בוד פאסירן?

יא קודם אופשעהרן אין ראזירן

וויא מען האט נאר געקענט...

ווען מען האט געעפינט דיא טושען איז געווארן א געשריי א

געטימעל

קולות ביז אינטערן הימעל,

מיר האבן געמיינט אינזער סוף.

נאכין בוד אין אובגולען, האט זיך איינער דעם צווייטן נישט

דערקענט

פין דערווייטן זעיסט דיא דאס פייער וואס ברענט

איז דאס אמת?

אך! רבונו של עולם אט אזוי אין איין נאכט,

האסט דיא מיך פאר א יתומה געמאכט?

אובגעגולטע קעפ, אין ראב קליידער

זעיסט דיא פאר דיר כסדר

וואס איז דא געשעהן?

וואס איז דא געוועןֹ?

מען הייסט נישט קיקן א הינטער

דיא וועלט גייט אינטער

א מעשה דיא זיהן לאכט דיא לבנה שיינט אין קלויסטערס

געזאנגען

דיא וועלט איז נישט אינטער געגאנגען

ווען אתה בחרתנו אליין, גייט נאך נישט אינטער א וועלט...

דיא משמדים לויפין פערסאמט נאך געלט

וועהרן רייך פין יידיש בליט!

אך שונאים! וואס העטן מיר איך נישט געגעבן

איהר זאלט אינץ לאזן לעיבן...

טאטע אין הימעל, נאך וואס דארף מען ווערן געבוירן

אין אזוי טראגיש פערלויערן!!!

האסט אינץ נישט געקענט אנשלעיפן אין דער היים

אין נישט הייסין גיין

קיין "אושוויץ"!!.

בלאק 7 דא איז אינזער נייע היים

העריין, העריין

שורקע דיא בלאק-עלטעסטע מיט איהר שטעקן אין דער האנט

קימט אינץ מאכין בעקאנט

וואס "צ" לאגער איז...

פערפלוכטע אונגארישע יידן,

געלעיבט געלאכט, געוועין צופרידן

ווען מיר האבן שוין געליטין ווען מיר האבן שוין געברענט אין דיא

קאימענס

יעצט אייער רייע

איהר פרצוף זוגט גאר אז זיא איז זיך מחיה...

איהר סאדיסטיש רעדין איז אינץ נישט צו פערשטיין...

איהר ווערט שוין גיין

אין קוימען!!!

אזוי שרייעט זיא, אין האקט מיט איהר שטעקן

אין אללע עקין...

אויב ווילסט זיא עפיס פרעיגן

שא! ווייל באלט וועט זיא דיר מכות רצח געבן

דיא איינציגע מעלה

נישט פרעיגן קיין שאלה!

ווייל דיא בלאק-עלטעסטעס לאדן שוין דא יוהרן

זיי האבן שוין זייערע משפחות פערלויערן, אוף דיא דייטשע

פראנטין געווען,

זיי שפילען שוין אוף איינעם,

פארטין זיך פאר קיינעם,

זיי ווילן מיר זאללין אוך פיעלן א צשעכישין טעם!

מענטשן ווערן געשלוגן אוף טויט

ווענן א שטיקעלע ברויט

דער הינגער!

אך איז דאס א ביטערער טעם!

מענטשן ווערן געשלוגן אוף טויט

ווענו א שטיקעלע ברויט

קיקט גויים וויא מיר גייען אוס ווענן א שטיקעלע ברויט

טרינקט לחיים אוף אינזער טויט

אויב עס איז דיר נימס דאס לעיבן

דארפסט קיין שאלות פרעיגן,

גיי ריהר אוהן דיא עלעקטרישע דרוטן מיט דיינע פינגער

וועט דיר באלט ווערן גרינגער...

אוף אלעם האבן דיא קינצלערס געטראכט,

אוך מוזיק קענסט דיא הערן ביי טוג אין ביי נאכט...

דיא מעיגסט טאנצין...

א הימעל האסט דיא דא תמיד שווארץ

אזוי וויא עס איז אינץ אופין הארץ...

ער איז פערייכערט אוהן פארבן

קיקענדיק וויא מיליונען שטארבין...

דיא שפירסט דיא גייסט ארופ פין זינען,

קענסט קיין מנוחה נישט געפינען

אין שכנות האט מען אין א נאכט דעם ציגאנער לאגער

ליקווידירט,

אין קוימען געפיהרט

זיי זענען שוין דו אייניגע יוהרן געווען

מיר האבן זיי דערעך דיא דרוטן געזעהן

פליצים אין א נאכט

פין שלוף ערוואכט

שרעקליכע געשרייען, א יעמערליך געוויין,

מיר האבן געמיינט אינזער רייע, מיר דארפין גיין

ניין!

דער ציגאנער לאגער!

זיי האבן זיך א-קעגן געשטעלט, בשום פנים נישט געוואלט אין דיא

אוטאס אריין

ווייל זיי האבן שוין געוויסט וויא מען הייסט "גיין"

עס האט זיי אבער נישט געהאלפין, נישט קיין שטונדען

נאר סעקונדען

איז אללעס אש געווארן!!!

פלאמען, פלאמען, פלאמען פלאמען

זוגץ וויא זענען מיינע טאטע מאמע?

צו דערציילין אללעס איבער אושוויץ קען איך נישט מעהר

געניג געווען ביז אהער

איך לאז דאס צא פאר א צווייטין!

איך וויל אייך בלויז איין זאך דערמאנען:

דיא הונען איבער וועלכע מיר האבן אין שוהל געלערינט

אטילא Biciul lui D-Zeu

איז כמעט א צדיק געווען...

דען אזא בארבאריזם וויא אין אושוויץ האבן מיר אין זיין

היסטוריה נישט געזעהן

מיר האבן שוין אופגעהערט צו ווינען

מיר האלטין זיך וויא געבינדען אין איינעם

ציפורה, אסתר גיטל, יוכבד, חייצשו, מרים נומער 1, מרים נ׳ 2

(דאס בין איך)

(דאס זענען מיינע טייערע שוועסטער פין טאטע ע״ה אין קוזינע

חייצשו).

## וויסטיגירס-דארף

200 יונגע מיידלעך האט מענגעלע בעהאנדילט גיט

אין אוועק געשיקט אין דער "קרופ-פאבריק"

קיין וויסטיגירס-דארף

אוך דאטשן צעוויל, ארבייטן דא

מען ארבייט שעה אוף שעה

אוהן אינטערבראכין!

דא ווערן מיר נישט מעהר בעהאנדילט וויא חיות, אוס פייער אויס

רויעך

דא דארף מען נאר אסאך כח

צוא דער ארבייט!

עססין האבן מיר דא זייער ווייניג בעקימען

אין געפייגערטע פערד האבן מיר דא נישט געפינען

נישט קיין קעץ אין נישט קיין הינט

אין ארבייטן הייסין זיי געשווינט!

זוגץ איהר האט שוין געגעססין אמוהל, א געפיגרטע נבלה?

בראנע, רבקה, איך אין שרה ביילע

האבן שוין געגעסין...

דאס ערשטע מוהל ווייסט דיא נישט וויא אונציכאפין

ביי וועלכע עקין

אין שפעיטער טיט מען זיך בעלעקן

וויא נאך א בראטל

וואס טיט מען נישט פאר הינגער אין נויט

ווען מען זעהט פאר זיך דעם טויט!

דא אין וויסטיגירס-דארף ווען מיר גיין צו דער ארבייט

בעגעגענען מיר תמיד טרופין מיט יידישע מענער, פין וועפסקי,

דערנהאו,

דא איז אוך מיין ברידער יומי געווען

ביז אין פעבער האט מען אים דא געזעהן

דאן סעלעקטירט!

מיר זעהען אז עס זענען נאך דא יידישע מענער וואס לעיבן...

מיר קענען אבער מיט זיי נישט רעדן, גורנישט פרעגן

מיר זענען פין ס׳ ס׳ בעוואכט

דא באוען מיר אללע פאר דיא דאטשן א היים

ציגל אוף ציגל, ליים אוף ליים

שטרוסין, גריבער, בונקערס לעכיר

האזער פאלאטין מיט אזערנע דעכער

שלעפט סקלאווין, שטיינער אוף שטיינער

איינגעבויגענע פלייצעס איינגעבראכענע ביינער

נאך א שורה, מיין קינד נאך א שורה

בעווייז דעם שונא דיא יידישע גבורה

פערגליווערט בליט, צעהאקטע ביינער

שרייען פין דיא מאוערין, שרייען פין דיא שטיינער

ארבייט שוועסטער ארבייט מען טוהר נישט אופהערן

אימזיסט אינזער געבעט, אימזיסט אינזערע טרערן

הינגער אין נויט,

אין דער איינציגער חלום "א שטיקעלע ברויט"

## חנוכה אין וויסטיגירס-דארף

אין דעם לעיבעדיקן גהנום

האבן מיר אוך נישט פערגעסין, ווען ימים טובים זענען

שיינע יונגע מיידלעך וויא דיא בלימען

אונגארישע, פוילישע, יוגוסלאווישע, אללעס קענסט דיא דא

געפינען

יעדער האט פאר זיך דאס בילד פין זיין היים

אין דא ביסט דיא עלינד אין אליין!

נישט דא מעהר קיין היים!

מיידלעך מארגן איז חנוכה!!!

שמן האבן מיר בעזארגט פין דער פאבריק, אין א פוהר פעידעם

פאר קנויטן

דיא ברכות האב איך נאך אוסענווייניג געדענקט,

אין באלט האבן זיך דיא לעכטעלעך צובריענט

אין אללע מיידלעך אין איינעם,
עפּיס זיך נישט געפּארטן פאר קיינעם
אונגעהויבן זינגען
אין שפּרינגען...
אזוי-וויא דיא מעשיגענע (משוגעים).
פאונס לילי, דיא יידישע לאגער עלטעסטע, אין דיא דייטשע
קאמאנדא-פיהרערין זענען אריין געקימען,
אין אינץ אללע אין א שווערן מצב געפינען
זיא האט געזוגט: הערט מאהל אוף, ניכט אוף לאנגע ווירט איהר
נאך האוזע געהן
ווירט איהר ניכט גוט אוסזעהן...
זיא האט אינץ אבער נישט געקענט פין וויינען שטיהלן
טראצ-דעם וואס מיר האבן געזעהן זיא טיט מיט-פילען
יעדער איז אוף זיין בעטעלע אראוף געלאפין
הינגעריק וויינענדיק אנגעשלאפין...

# דאס רעיפטעלע ברויט

זאג מיר מיין חברתע, וויא ביסט דיא וויא קען איך דיך געפינען?

דיא ליגסט מיר גיט אין זינען

איך מיז מיך דיר מתודה זיין דערציילין

אפשר וועט מיין שמערץ פערהיילין

איך מיז דיך טרעפין, אין איך וויל זאלסט וויסען

איך האב דיר צי-גענימען כמעט דעם לעצטן ביסען,

געדענקסט דיא שטאקעדיקע בעטלעך אין אינזערע קאליבעס?

אוהן פייער אוהן הריבעס,

פייגל זענען פין דיא דעכער געפאלין אין טיעפן שניי

ברידער פערפרוירענע האבן געשריגען אוי-וויי

ראטעוועט פין קעלט אין הינגער!

אין דיא מיין חברתע האסט 2 רעיפטעלעך ברויט אין דיין זעקעלע

געהאט,

וויזוי האסט דיא דיך געקענט אופהאלטען

זיי צוא בעהאלטען???

אין שטילען פלעיגן מיר אללע זוגן: פוי פוי בלי עין הרע,

וויזוי קען זיא בעצווינגען דעם יצר הרע

ווארטען דעם טויט

מיט 2 רעיפטעלעך ברויט?

איינמוהל ווען דיא ביסט איינגעשלאפין אוף דיין בעטעלע

האב איך פין אינטער דיין קאפ אראוס-געצויגן דאס זעקעלע

קודם האב איך געמיינט איך וועל מיך מיט דער גנבה דערשטיקען

וויזוי האב איך געקענט קייען, זיך קוויקן

וויזוי וויזוי וויזוי?

דיא נעביך ביסט אופ-געשטאנען, אין נאר 1 רעיפטעלע ברויט

געפינען

דיינע טרערין זענען געריננען

דיך געשטיקט אין געוויינט...

זוג מיר, האסט דיא געוויסט דאס איך בין דאס געוועןּ?

אבער האסט דיך געמאכט סתם נישט זעהןּ?

וויזוי האסט דיא מיך נישט דערמארדעט אוף דעם ארט,

אין דער קאליבע דארט?

פין וויא האסט אזויפיל איידלקייט בעזעסין,

אז האסט מיך נישט לעיבעדיקער-הייט צעפרעסין

פאר מיינע חטאים?!!

אך! קים זוג מיר, וויא ביסט דיא זאלל איך וויסען

דיך האלזין קיססען

דיר מיין גאנצעס לעיבן

איבערגעבן

דען דיין רעיפטעלע ברויט האט מיר געגעבן כח

צו זיין דא, אין נישט אין רויעך

וואגונען ברויט העט איך דיר געקענט שיקן זאלסט מיר מוחל זיין

דיא עברה

זאג מיר האב איך א ברירה

וועל איך דאס טוהן!!!

שרייב מיר זוג מיר, לאז מיך וויסען

דען מיין הערץ ווערט פאר שמערץ צעריססען

איך בין דיר שילדיק מיין לעיבן

"חלעיבן"

קים פאניק נישט מיין נשמה

קים אין נעם אין מיר נקמה

קים קים קים!!!

## מאי 1943

סוף סוף האט דיא מלחמה געענדיגט, מיר זענען פריי!

אוף דיא גאססען א געטימעל א געשריי

"דראסוויטיע - טאווארעש" (דיא רוסען האבן אינץ בעפרייט)

היטלער קאפוט,

סטאלין גוט,

חסידים פין סטאלין זענען דיא דאטשן געווארן...

אופגעמאכט דיא אויגן, זיך ארימ געקיקט גיט...

פאר דיר דיא חיה וואס האט אוסגעטרינקען א ים מיט בליט

פליצים סטאלינס חסידים געווארן...

קימט רשעים אקעיגן דער זיהן

בעהאלט אייך נישט, קימט עס איז אייער יום הדין

מיר לעיבן, באמת מיר לעיבן, קראנק אין שוואך אזוי וויא מיר זענען

פריי געווארן פין גהנום

א צעריסענע

פין הינד צעביסענע

אבער מיר לעיבן!!!

דער שלום איז אוף דער וועלט אופגעשפרייט,

דיא זעיסט אוף יעדין דיא פרייד

הפקר שטייען מיר אוף דער צעבראכענער וועלט,

אין יעדער וויל אהיים,

גיין, גיין, גיין

אפשר ווייסט דיא צא ווע׳מען?!!

וויא נעמט מען ווייטער צום לעיבן כח?

ווען אללעס וואס הייליג איז אוועק אין רויעך

מיר שטייען קאם אוף דיא פיס, מען גייט זיכען עססין,

מען פראבירט פערגעססין

דעם גרויסין בראך!

שווערט מיר אללע ביי הארץ אין נשמה,

נקמה! נקמה!

דען מיינע ליעבע

געבליבען זענען מיר אבלים טריבע

יוהרן וועלן גיין

מיט צרות זכרונות, אין ווייען

זיי געגרייט

צא געניסען ווייניג פרייד

טעיג, אין וואכין, זיך געשלעפט אוף באנען, אין וועגן

מענטשן פרעיגן

וויא אהין?!?

# דאס רעיפטעלע ברויט

זאג מיר מיין חברתע, וויא ביסט דיא וויא קען איך דיך געפינען?

דיא ליגסט מיר גיט אין זינען

איך מיז מיך דיר מתודה זיין דערציילין

אפשר וועט מיין שמערץ פערהיילין

איך מיז דיך טרעפין, אין איך וויל זאלסט וויסען

איך האב דיר צי-גענימען כמעט דעם לעצטן ביסען,

געדענקסט דיא שטאקעדיקע בעטלעך אין אינזערע קאליבעס?

אוהן פייער אוהן הריבעס,

פייגל זענען פין דיא דעכער געפאלין אין טיעפן שניי

ברידער פערפרוירענע האבן געשריגען אוי-וויי

ראטעוועט פין קעלט אין הינגער!

אין דיא מיין חברתע האסט 2 רעיפטעלעך ברויט אין דיין זעקעלע

געהאט,

וויזוי האסט דיא דיך געקענט אופהאלטען

זיי צוא בעהאלטען???

אין שטילען פלעיגן מיר אללע זוגן: פוי פוי בלי עין הרע,

וויזוי קען זיא בעצווינגען דעם יצר הרע

ווארטען דעם טויט

מיט 2 רעיפטעלעך ברויט?

איינמוהל ווען דיא ביסט איינגעשלאפין אוף דיין בעטעלע

האב איך פין אינטער דיין קאפ אראוס-געצויגן דאס זעקעלע

קודם האב איך געמיינט איך וועל מיך מיט דער גנבה דערשטיקען

וויזוי האב איך געקענט קייען, זיך קוויקן

וויזוי וויזוי וויזוי?

דיא נעביך ביסט אופ-געשטאנען, אין נאר 1 רעיפטעלע ברויט

געפינען

דיינע טרערין זענען גערינען

דיך געשטיקט אין געוויינט...

זוג מיר, האסט דיא געוויסט דאס איך בין דאס געוועןּ?

אבער האסט דיך געמאכט סתם נישט זעהןּ?

וויזוי האסט דיא מיך נישט דערמארדעט אוף דעם ארט,

אין דער קאליבע דארט?

פין וויא האסט אזויפיל איידלקייט בעזעסין,

אז האסט מיך נישט לעיבעדיקער-הייט צעפרעסין

פאר מיינע חטאים???

אך! קים זוג מיר, וויא ביסט דיא זאלל איך וויסען

דיך האלזין קיססען

דיר מיין גאנצעס לעיבן

איבערגעבן

דען דיין רעיפטעלע ברויט האט מיר געגעבן כח

צו זיין דא, אין נישט אין רויעך

וואגונען ברויט העט איך דיר געקענט שיקן זאלסט מיר מוחל זיין

דיא עברה

זאג מיר האב איך א ברירה

וועל איך דאס טוהן!!!

שרייב מיר זוג מיר, לאז מיך וויססען

דען מיין הערץ ווערט פאר שמערץ צעריססען

איך בין דיר שילדיק מיין לעיבן

"חלעיבן"

קים פאניק נישט מיין נשמה

קים אין נעם אין מיר נקמה

קים קים קים!!!

## מאי 1943

סוף סוף האט דיא מלחמה געענדיגט, מיר זענען פריי!

אוף דיא גאססען א געטימעל א געשריי

"דראסוויטיע - טאווארעש" (דיא רוסען האבן אינץ בעפרייט)

היטלער קאפוט,

סטאלין גוט,

חסידים פין סטאלין זענען דיא דאטשן געווארן...

אופגעמאכט דיא אויגן, זיך ארימ געקיקט גיט...

פאר דיר דיא חיה וואס האט אוסגעטרינקען א ים מיט בליט

פליצים סטאלינס חסידים געווארן...

קימט רשעים אקעיגן דער זיהן

בעהאלט אייך נישט, קימט עס איז אייער יום הדין

מיר לעיבן, באמת מיר לעיבן, קראנק אין שוואך אזוי וויא מיר

זענען

פריי געווארן פין גהנום

א צעריסענע

פין הינד צעביסענע

אבער מיר לעיבן!!!

דער שלום איז אוף דער וועלט אופגעשפרייט,

דיא זעיסט אוף יעדין דיא פרייד

הפקר שטייען מיר אוף דער צעבראכענער וועלט,

אין יעדער וויל אהיים,

גיין, גיין, גיין

אפשר ווייסט דיא צא ווערימען???

וויא נעמט מען ווייטער צום לעיבן כח?

ווען אללעס וואס הייליג איז אוועק אין רויעך

מיר שטייען קאם אוף דיא פיס, מען גייט זיכען עססין,

מען פראבירט פערגעסין

דעם גרויסין בראך!

שווערט מיר אללע ביי הארץ אין נשמה,

נקמה! נקמה!

דען מיינע ליעבע

געבליבען זענען מיר אבלים טריבע

יוהרן וועלן גיין

מיט צרות זכרונות, אין ווייען

זיי געגרייט

צא געניססען ווייניג פרייד

טעיג, אין וואכין, זיך געשלעפט אוף באנען, אין וועגן

מענטשן פרעיגן

וויא אהין???

א היים געקימען

קיינעם געפינען

איך זיך מיינע שכנים

קיינעם!!!

דיא אונגעשטאפטע געסעלעך פין אמהול, זענען ליידיג קיין סימן

פין לעיבן

אפשר ווילסט מיך פרעיגן

קושיות!!!

דיא גויים מאכין אינץ א ברוך הבא מיר זענען פליצים ביי זיי

געווארן טייער

אין ווילן נישט גלייבן אז מיר קימען צוריק פין פייער

דיא רשעים!

דיא קיקסט דיך ארים: דיא נאטוהר האט זיך נישט געענדערט

ביימער בליען

פייגל פליען,

אוף אוסגעהאקטע שאובן

זיצן טאובן

זינגען שירה!!!

איך רעד צו אינזער האוס, איך רעד צום שטיין

איהר קיקט מיך אוהן וויא איך וויין?

איהר זענט געבליבען אזויוויא איך האב אייך געלאסט

אוסגעהאלטען ווארעם אין פראסט

איהד זענט גליקליכער פין מיר!

אראוס-געריסענע פענסטער, צעבראכענע ווענט

איך האב מיין היימעלע כמעט נישט דערקענט

פיסטע גאסין, וויא א בית קברות וויא נישט וויא זעיסט א גוי,

ימחש״

זיי האבן זיך צופיהרט דיא הענט מיט יידיש פערמעגן,

געשלעפט טוג אין נאכט מיט דיא וועגן

אללעס וואס מיר האבן געהאט!

וויא איז דאס געסעלע וויא איז דיא שטיב?

וויא איז דאס היימעלע וואס איך האב ליעב?

נישט דא מעהר דאס דאס געסעלע נישט דא מעהר דיא שטיב,

נישט דא מעהרא דאס היימעלע וואס איך האב ליעב!

פרעמד איז דיא היים וויא מיר זענען געבויערן

ווייל אללעס האבן מיר דארט פערלויערן

ג-טטס בראשיתדיקע ווערק,

איז געווארן אופגעמעקט

דא איז געווען אינזער שטאם אינזער שורש,

דא האט מען אופגעשטעלט יידישע דורות,

גאסען מיט געסעלעך וואס ליגט יעדין גיט אין זינען

דא האבן קינדער געשפילט אין פרייד געפינען

דא איז געגאנגען דיא מאמע בענטשן דיא ליכט

מיט איהר שמייכל אוף דיא ליפן, מיט איהר שיינעם געזיכט

איך מיין איך זעה זיא פאר מיינע אויגן

צו אינץ קינדער צו-געבויגן

גיט שבת!

שבת אינטער יעדין דאך

מעברין דיא סדרה גמרא אין תנך,

פין אללע בתי-מדרשים איין תפילה

פין אינזער שיינער אמוליגער קהילה

שבת אין מיין אלטער היים!

דינים שיר השירים

דערמאנט אייך פסח פורים

שיינע ימים טובים

אללעס אוועק געפלויגן

יידישע בעל-מלאכות שנאדערס, טישלערס,

אינזער בעל תפילה (רבי בעריש)

אוס ווישעווער קהילה! נישטו!

וויא זענען אינזערע ישיבות מיט דיא הינדערטער בחורים

זוגט מיר זאלל איך וויסען...

אללעס האט דער דאטש צעריסען (נישטו)

וויא גרויס איז געווען דיא פרייד

זייער זיסס לערנען האט יעדין בעל בית בעגלייט (נישט דא)

דיא הייליגע יידן מיט בורט אין פאות ראך אין אורעם,

עס איז נאר א חלום! נישט דא!!!

אוס ישיבות, אוס בתי מדרשים, אוס קלאוזין

אוס גערטנער מיט ראוזן,

אוס חדרים,

נישט אמוהל קיין קברים

נישט דא (נישטו)!!!

ליידיגע וויגן,

אוס זמירות אוס ניגון

נישט דא (נישטו)

אוף חורבות שטייט א בוים מיט גרויסע צוואגן

ווען ער וואלט געקענט רעדן, וואלט ער נישט שוואגן

אך מיין שיין אמוליג מאראמארעש איך קען נאך דיר נישט בענקען

ווייל מיינע צרות טיה איך אין דיר געדענקען

אין תמיד ווען איך זעה פין וואטן וואלקינס רויעך,

פערליהר איך מיין כח

איך זעה פאר מיר אושוויץ דיא פערשאלטענע קוימענס וואס האבן

אוועק געראובט מיין לעיבן

איך מעיג לאנג קשיות פרעיגן...

אבער איך בעקים קיין תשובה!

ליידער דיא צייט פליט

אין פערגעסין וועט דער ייד

אין זיי מיט זייער אלטען האס

באלט וועסט ווייטער נישט גיין פריי אוף דער גאס

זיי וועלין ווייטער אופמאכין זייער טמא מאול

אין שלינגען אוהן א גראול (יידן)

עס זענען שוין דא נייע נאציס וואס שרייען הויעך,

מיר זשעדין קוימענס, מיר זשעדען רויעך

קימט יידעלעך קימט!!!

זיי לאדענען אינץ קיין אושוויץ אוף קבר אבות...

אין מיר שטרעקן דיא הענט אין נעמען נדבות

פין דיא רוצחים!!!

איז דען שוין געווארן אזוינס געהערט

נישט צא האבן א קבר אין דער ערד!

אין מיר געבליבענע וואס זענען פריי געווארן פין לאגער פלאמען

קימט געשווינט איבער דיא ימים

אהיים!!

ווייל פין דא וועל איך קיינמוהל אוועק גיין

קישען יעדין שטיין

ווייל דא איז מיין היים! ארץ ישראל

אין דיא וואס מאכין זיך דעם פאשאפארט,

אין פליען קיין ני-יורק

זיכען א בעסער לעיבן,

איך בין זיי נישט מקנא "חלעיבן"

עס וועט חלילה ווייטער קימען דיא מיניט

מען וועט זיכין יידיש בליט

געניג געוואנדערט געניג געוועזן,

געניג צרות שוין געזעהן

גלייבט מיר עס איז א חטא א זינד,

אופצו-וואקסין אין גלות א יידיש קינד

ווען מיר האבן ביה א לאנד!

פערשפעטיגט נישט ברידער הערט מיך צא, הערט

נאר דא אוף דער הייליגער ערד

וועלין מיר גליקלעך זיין!

פערגעסט נישט

פערלעשט נישט

אינזער יודענטום!

דען אינזער פינסטערע ליכט, איז דא אין א אן שאן צעפלאקערט

דער פיסטער באודן ווערט אין א גן עדן ציאקערט

אזוי-וויא זאמט אזוי-וויא שטערן

דארפין זיך יידעלעך מעהרן, מעהרן

האט נישט מורא פאר ווייניג וואסער, ווייניג קוואלין

פאר נגב, מדבר אין שאקאלין,

זאללין מיר ציזאמען אקערן אין זייען,

אין אינזער לאנד אין אינזער נייעם

דען דא אין ציון

וועלן מיר בעז"ה האבן א קיום!!!

## טייערע לאנדס-לייט

איך האב תמיד געקלערט אויב איינער וועט פין אינץ לעיבן בלייבן

דארף ער אינזער לעיבן בעשרייבן

ביז אין טויט וועלין מיר נישט פערגעסין אינזערע הייליגע בלימען

וואס מען האט אינץ אוועק גערואבט אין צי-געוגימען אזוי

טראגיש!

איך איינע בין פין מיין משפחה געבליבען:

מיין טאטע -42- יוהר, דיא מאמע -40- יוהר-

-7- געשוויסטער זענען מיר גיווען: -4- מיידעלעך, -3- יונגעלעך

איך איינע בין געבליבען צוא דערמאנען דעם קדיש פין מיינע

קדושים.

מי שאמר לעולמו די = יאמר לצרותינו די!

רבקה מרים גורדון לבית רויזנבערג

אויבער-ווישעווע-ירושלים

ישראל

## ביאורי-מלים

**דראנעציע (דראנעציס)** ברעטער פין האלץ, צא דעקן דעכער

**גאנעקעס** דער ארייגאנג אין האוז

**סטאנקעס** פעלזין, שטיינער

**גאטער** א מאטאר פין א זעיג

**קלעצער** געשניטענעביימער אין צוואגן

**צשארעס** רויבן (עורב)

**"נאוועץ"** א שכונה אראוס פין דער שטוט (אין וואלד)

**בערקיט** מים מינרליים

**אלקער** א קליין צימערל וויא מען האט געמאכט א מנין צים דאווענען

**באקארס - באקארלאך,** (רפסודה) געשווימען אופן וואסער

**געבריזיט** געקראכין, (געגאנגען)

**לאמטערין** לעמפל פין בלעך, ברענט אוף נעפט, אבער א ליכטל דרין

**טרייסטעס** א סארט זעקל אוף דיא פלייצס

**סאקוועס** א זאק אוף דיא פלייצעס האלב פארענט, האלב א הינטער

**אינטערנאט** איינשטאלט (מוסד)

**מילטירס** האלצערנע שיסל, פיילע, ציא קנעיטן טייג

**בראצעס-האלץ** פילע הענט מיט האלץ

**געפערעט** געקלאבט, אין געשווינקען וועש ביים טאך

**געפאלעט** אראוס געריסן דיא ווילדע גרוס

**קלעזמער** כלי זמר

**מיטקע** שמאטע (שמאטקעלע)

**תארביז** קישוא, קוסה

**הריבע** א איוון וואס ברענט מיט האלץ

**ריבלעך** קארטאפיל

**ראבט קינדער!** קייעט קינדער

**קאצשערע** לאפעטע - מען שארט אראוס פין איוון ברויט

**פאפענדעקל** קארטון

**25 באני, א קראונע,** ראמעניש געלט

**"טעשטווערעק וואג'יונג"** מיר זענען בריִדער (אוף אונגאריש)

**רוקזאק** תרמיל

**הרעצשקע** א סארט קטניות

**שקורמיץ** אפאפירן זעקל

**פיפלען** א סארט אקסין, קיען...

**קאמפיס** זאורע מילך

**ערדע** א סארט שופענער קעיס

**קאדיעס** דיא גרינע בלעטער פין דיא נייע צוויבל

**פאטקאוועס** פרסה אייזן אוף דיא פיס פין דיא פערד

**זשעדען** בינקען

**חלעיבן** בחייי

